# יְהוֹשֻׁעַ
## און
# שׁוֹפְטִים

צוזאַמענגעשטעלט און איבערגעזעצט

פון

שלמה סיימאָן

פאַרלאַג מתנות ניו יאָרק

אַרויסגעגעבן פון
פאַרלאַג „מתנות"
ביים שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט

# YEHOSHUA UN SHOFTIM
## Joshua and Judges

*Translated and Arranged by*
SOLOMON SIMON



דערשיינט אונטער דער אויפזיכט
פון דער פּעדאַגאָגישער קאָמיסיע
פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט

*Published by*
FARLAG MATONES
22 EAST 17TH STREET, NEW YORK 3, N. Y.

*Printed in the U.S.A. by*
SHULSINGER BROS.



# יְהוֹשֻׁעַ

## גאָט הייסט יְהוֹשוּעַן אַריבערגיין דעם יַרדן

און עס איז געווען נאָך דעם טויט פון מֹשֶה, דעם קנעכט פון גאָט, האָט גאָט געזאָגט צו יְהוֹשוּעַ דעם זון פון נון, מֹשֶהס באַדינער, אַזוי צו זאָגן:

„מֹשֶה מיין קנעכט איז געשטאָרבן און איצט שטיי אויף און גיי אַריבער דעם יַרדן, דו און דאָס גאַנצע פאָלק, צום לאַנד וואָס איך גיב צו די בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל. יעטוועדער אָרט, וואָס אייער פוס וועט באַטרעטן האָב איך אייך געגעבן, אַזוי ווי איך האָב גערעדט צו מֹשֶהן. קיינער וועט זיך ניט קענען שטעלן קעגן דיר אַלע טעג פון דיין לעבן. אַזוי ווי איך בין געווען מיט מֹשֶהן אַזוי וועל איך זיין מיט דיר. איך וועל זיך ניט אָפּווענדן פון דיר און וועל דיך ניט פאַרלאָזן. זיי שטאַרק און פעסט, ווייל דורך דיר וועט דאָס דאָזיקע פאָלק יַרשענען דאָס לאַנד, וואָס איך האָב צוגעזאָגט זייערע עלטערן. נאָר זיי זייער שטאַרק און פעסט צו טאָן און אָפּצוהיטן די גאַנצע תּורה, וואָס מֹשֶה, מיין קנעכט, האָט דיר איבערגעגעבן, כּדֵי דו זאָלסט באַגליקן, וואו נאָר דו וועסט גיין. דער סֵפֶר פון דער תּורה זאָל זיך ניט אָפּטאָן פון דיין מויל און זאָלסט טראַכטן דערפון טאָג און נאַכט, כּדֵי דו זאָלסט טאָן און אָפּהיטן אַלץ וואָס איז דאָרטן געשריבן, ווייל יעמאָלט וועסטו מַצלִיחַ זיין אויף דיינע וועגן און וועסט באַגליקן."

## יְהוֹשוּעַ שיקט מְרַגלִים

און יְהוֹשוּעַ דער זון פון נון האָט שטילערהייט געשיקט צוויי מְרַגלִים און אַזוי געזאָגט צו זיי:

„גייט, קוקט אויס דאָס לאַנד און יְרִיחוֹ."

און זיי זיינען געגאַנגען און זיי זיינען אָנגעקומען אין הויז פון אַ פרוי, וואָס איר נאָמען איז געווען רָחָב, אַ בַּעַל־הביתטע פון אַן אַכסַניה, און זיי זיינען דאָרטן איינגעשטאַנען, און מען האָט אָנגעזאָגט דעם מֶלֶך פון יְרִיחוֹ אַזוי צו זאָגן:

„מענטשן פון די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל זיינען די נאַכט אָנגעקומען אַהער אויסצוקוקן דאָס לאַנד."

האָט דער מֶלֶך פון יְרִיחוֹ געשיקט צו רָחָבן אַזוי צו זאָגן:

„גיב אַרויס די מענטשן וואָס זיינען געקומען צו דיר, ווייל אויסצוקוקן דאָס גאַנצע לאַנד זיינען זיי געקומען."

און זי האָט געענטפערט:

„יאָ, די מענטשן זיינען געקומען צו מיר, אָבער איך האָב ניט געוואוסט פון וואַנען זיי זיינען. און ווען עס איז געוואָרן פינצטער און מען האָט געהאַלטן ביים פאַרשליסן דעם טויער, זיינען די מענטשן אַרויסגעגאַנגען. איך ווייס ניט וואוהין זיי זיינען אַוועק. אויף גיך יאָגט זיי נאָך—וועט איר זיי אָניאָגן."

און די מענטשן פון דעם מֶלֶך פון יְרִיחוֹ האָבן זיי נאָכגעיאָגט אויפן וועג צום יַרדן. און דעם טויער האָט מען פאַרשלאָסן נאָכדעם ווי עס זיינען אַרויסגעגאַנגען די נאָכיאָגערס.

און רָחָב האָט אַרויפגעפירט די מענטשן אויפן דאַך און זיי

באַהאַלטן אין פלאַקס־שטעקלעך, וואָס זיינען געווען אויסגע־לייגט ביי איר אויפן דאַך.

און איידער די מְרַגְלִים זיינען איינגעשלאָפן, איז זי אַרויפ־געגאַנגען צו זיי אויפן דאַך און זי האָט געזאָגט צו די מענטשן:

„איך ווייס, אַז גאָט האָט אייך אָפּגעגעבן דאָס לאַנד, און אייער שרעק איז געפאַלן אויף אונדז, ווייל מיר האָבן געהערט ווי גאָט האָט פאַר אייך אויסגעטריקנט די וואַסערן פון יַם־סוף, ווען איר זייט אַרויסגעגאַנגען פון מִצרַיִם. אויך ווייסן מיר, וואָס איר האָט געטאָן צו די צוויי מְלָכים אויף יענער זייט יַרדן — צו סִיחוֹנען און צו עוֹגן, וואָס איר האָט זיי פאַרוויסט. ווען מיר האָבן עס דערהערט איז אונדזער האַרץ צעגאַנגען, און קיין מוט איז ביי קיינעם ניט געבליבן. גאָט — אייער גאָט — ער איז גאָט אין הימל אויבן און אויף דער ערד אונטן. און איצט, ווייל איך האָב געטאָן חֶסֶד מיט אייך, שווערט זשע מיר ביי גאָט, אַז איר וועט אויך טאָן חֶסֶד מיט מיין פאָטערס הויז. גיט מיר אַ זיכערן צייכן, אַז איר וועט לאָזן לעבן מיין פאָטער און מוטער, מיינע ברידער און שוועסטער און אַלע זייעריקע."

האָבן די מענטשן געזאָגט:

„מיר וועלן איינשטעלן אונדזער לעבן פאַר אייך, אויב דו וועסט גאָרניט דערציילן וועגן אונדזער שְלִיחות. ווען גאָט וועט אונדז איבערגעבן דאָס לאַנד וועלן מיר זיך באַגיין מיט דיר מיט חֶסֶד און אֶמֶת."

און זי האָט זיי אַראָפּגעלאָזט מיט אַ שטריק דורך דעם פענצטער, ווייל איר הויז איז געווען אין דער וואַנט פון דער שטאָט־מויער. און זי האָט געזאָגט צו זיי:

„גייט צום באַרג צו, אַניט קענען אייך אָנטרעפן די נאָכ־יאָגערס. באַהאַלט זיך דאָרט דריי טעג ביז די נאָכיאָגערס וועלן זיך אומקערן. דערנאָך קענט איר זיך גיין אויף אייער וועג."

האָבן די מענטשן צו איר געזאָגט:

„מיר וועלן זיין פריי פון דיין שבועה, וואָס דו האָסט אונדז באַשוואָרן, אויב דו וועסט ניט טאָן ווי מיר באַפעלן דיר: ווען מיר וועלן קומען אין לאַנד, זאָלסטו אָט דעם שנור פון רויטן פאָדעם אָנבינדן אויף דעם פענצטער דורך וועלכן דו האָסט אונדז אַראָפּגעלאָזט. אויך זאָלסטו צונויפנעמען צו דיר אין הויז דיין פאָטער און מוטער, דיינע ברידער און שוועסטער און דאָס גאַנצע הויזגעזינד פון דיין פאָטער. אָבער איטלעכער, וואָס וועט אַרויס פון דיין הויז אין דרויסן, וועט זיין בלוט פאַלן אויף זיין קאָפּ און מיר וועלן זיין ריין. אויב אָבער דו וועסט אויסזאָגן אונדזער סוֹד, וועלן מיר זיין פריי פון דיין שבועה, וואָס דו האָסט אונדז באַשוואָרן."

האָט זי געענטפערט:

„אַזוי ווי איר זאָגט — אַזוי זאָל עס זיין."

און זי האָט זיי אַוועקגעשיקט און זיי זיינען אַוועקגעאַנגען. און זי האָט אָנגעבונדן דעם רויטן שנור אויפן פענצטער.

און זיי זיינען אַוועק און זיי זיינען אָנגעקומען צום באַרג און זיי זיינען דאָרט געזעסן דריי טעג ביז די נאָכיאָגערס האָבן זיך אומגעקערט.

און די צוויי מְרַגְלִים האָבן אַראָפּגענידערט פון באַרג און זיינען אַריבערגעגאַנגען דעם יַרדן און געקומען צו יְהוֹשֻׁעַ דעם

זון פון נון און האָבן אים דערציילט אַלץ, וואָס עס האָט זיך מיט זיי געטראָפן. און זיי האָבן געזאָגט צו יְהוֹשוּעַן:

„באֶמֶת, גאָט האָט איבערגעגעבן אין אונדזער האַנט דאָס גאַנצע לאַנד און די איינוואוינערס פון לאַנד האָבן אינגאַנצן פאַרלאָרן דעם מוט – אַזוי צעשראָקן זיינען זיי."

## יְהוֹשוּעַ באַפעלט צו זיין גרייט אַריבערצוגיין דעם יַרדן

און יְהוֹשוּעַ האָט באַפוילן די אויפזעערס פון פאָלק אַזוי צו זאָגן:

„גייט דורך דעם לאַגער און באַפעלט דעם פאָלק אַזוי צו זאָגן: גרייט זיך אָן שפּייז, ווייל אין דריי טעג אַרום וועט איר אַריבערגיין דעם יַרדן און אַריינדרינגען אין דעם לאַנד, וואָס גאָט, אייער גאָט, האָט אייך געגעבן צו יַרשענען."

און צום שֵבֶט ראובן און צום שֵבֶט גָד און צום האַלבן שֵבֶט מְנַשֶה האָט יְהוֹשוּעַ געזאָגט אַזוי צו זאָגן:

„געדענקט, וואָס מֹשֶה, דער קנעכט פון גאָט, האָט אייך אָנגעזאָגט: גאָט לאָזט אייך דאָ בלייבן, ער גיט אייך דאָ דאָס לאַנד. אייערע פרויען, אייערע קליינע קינדער און אייערע פי בלייבן דאָ אין לאַנד, אויף דער זייט יַרדן, וואָס מֹשֶה האָט אייך געגעבן. אָבער אַלע אייערע העלדישע גיבּוֹרים זאָלן אַריבערגיין באַוואָפנטע פאָרויס פון אייערע ברידער און זאָלן זיי העלפן, ביז גאָט וועט געבן רו אייערע ברידער אַזוי ווי אייך און זיי וועלן יַרשענען דאָס לאַנד, וואָס גאָט, אייער האַר, גיט זיי. יעמאָלט וועט איר זיך אומקערן צום לאַנד פון אייער יְרוּשָה,

וואָס משֶׁה, דער קנעכט פון גאָט, האָט אייך געגעבן אויף דער זייט יַרדן, צו מִזרָח־זייט."

האָבן זיי געענטפערט יְהוֹשוּעַן אַזוי צו זאָגן:

„אַלץ וואָס דו האָסט אונדז באַפוילן וועלן מיר טאָן, און אומעטום וואוהין דו וועסט אונדז שיקן וועלן מיר גיין. אַזוי ווי מיר האָבן זיך צוגעהערט צו משֶׁהן, אַזוי וועלן מיר זיך צוהערן צו דיר; זאָל נאָר גאָט אַזוי זיין מיט דיר, ווי ער איז געווען מיט משֶׁהן."

## די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל גייען אַריבער דעם יַרדן

און יְהוֹשוּעַ איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי און זיי זיינען אַרויס פון שִׁיטים און זיי זיינען אָנגעקומען צום יַרדן, און זיי האָבן דאָרטן גענעכטיקט.

און עס איז געווען צום סוף פון די דריי טעג זיינען די אויפזעערס דורכגעגאַנגען דעם לאַגער און זיי האָבן באַפוילן דעם פאָלק אַזוי צו זאָגן:

„ווי נאָר איר וועט זען די כֹּהֲנים און לְוִיִם טראָגן דעם אָרוֹן פון גאָט—זאָלט איר גיין נאָך אים. נאָר צווישן אייך און צווישן אָרוֹן זאָלן זיין אָפּגעמאָסטענע צוויי טויזנט איילן. איר זאָלט ניט צוקומען נעענטער צו אים, כְּדֵי איר זאָלט וויסן דעם וועג אויף וועלכן איר דאַרפט גיין, ווייל איר זייט ניט געגאַנגען אויף אים ניט נעכטן, ניט אייערנעכטן."

און צו די כֹּהֲנים האָט יְהוֹשוּעַ געזאָגט:

„טראָגט דעם אָרוֹן פון גאָט און גייט פאָרויס פאַרן פאָלק."

און דער יַרדן איז יעמאָלט געווען פול איבער זיינע ברעגן, ווי ער איז אין אַלע טעג פון שניט־צייט.

און עס איז געווען, ווען דאָס פאָלק האָט געצויגן פון זיינע געצעלטן אַריבערצוגיין דעם יַרדן, זיינען די כֹּהֲנים, וואָס האָבן געטראָגן דעם אָרוֹן פון גאָט, געגאַנגען פאָרויס פאַרן פאָלק. און ווי די פיס פון די כֹּהֲנים, וואָס האָבן געטראָגן דעם אָרוֹן, האָבן זיך איינגעטונקט אין וואַסער ביים ברעג, האָבן די וואַסערן, וואָס נידערן אַראָפּ פון אויבן, זיך אָפּגעשטעלט. זיי זיינען געבליבן שטיין אין איין זייַל. און דאָס פאָלק איז אַריבער־געגאַנגען דעם יַרדן אַקעגן יְריחוֹ. און די כֹּהֲנים, וואָס האָבן גע־טראָגן דעם אָרוֹן, זיינען געשטאַנען אויף דער טריקעניש אין מיטן יַרדן ביז דאָס גאַנצע פאָלק איז אַריבערגעגאַנגען דעם יַרדן.

און דער שֵׁבֶט ראובן און דער שֵׁבֶט גָד און דער האַלבער שֵׁבֶט מנַשֶׁה זיינען אַריבערגעגאַנגען באַוואָפנטע פאָרויס פאַר די קינדער פון יִשׂרָאֵל, אַזוי ווי מֹשֶה האָט זיי אָנגעזאָגט. אַרום פערציק טויזנט באַוואָפנטע זיינען אַריבערגעגאַנגען צו די פּלוי־נען פון יְריחוֹ.

## צוועלף שטיינער אויף אַן אָנדענק

און עס איז געווען, ווען דאָס גאַנצע פאָלק איז אַריבער־געגאַנגען דעם יַרדן, זיינען די כֹּהֲנים, וואָס האָבן געטראָגן דעם אָרוֹן, געבליבן שטיין אין מיטן יַרדן ביז עס איז אויסגעפירט גע־וואָרן אַלצדינג, וואָס גאָט האָט באַפוילן יְהוֹשֻׁעַן צו ריידן.

און גאָט האָט געזאָגט צו יְהוֹשֻעַן אַזוי צו זאָגן:

„נעם פון פאָלק צוועלף מענער, צו איין מאַן פון אַ שֵבֶט, און באַפעל זיי אַזוי צו זאָגן: ,נעמט אייך פון מיטן יַרדן, וואו די כֹּהֲנים שטייען, צוועלף שטיינער. און איר זאָלט זיי אַריבער־ברענגען מיט אייך צום לאַגער, וואו איר וועט נעכטיקן די נאַכט.'"

און יְהוֹשֻעַ האָט גערופן צוועלף מענער, צו איין מאַן פון אַ שֵבֶט, און ער האָט געזאָגט צו זיי:

„גייט אַריבער צום אָרוֹן פון גאָט, אין מיטן יַרדן, און הייבט אויף אַ שטיין איטלעכער אויף זיין אַקסל."

און זיי האָבן געטאָן ווי יְהוֹשֻעַ האָט באַפוילן. זיי האָבן גע־נומען צוועלף שטיינער פון מיטן יַרדן, לויט דער צאָל שְבָטִים פון די בְנֵי־יִשְׂרָאֵל, און זיי האָבן געטראָגן מיט זיך צום לאַגער און זיי אַוועקגעלייגט דאָרטן.

און צוועלף שטיינער האָט יְהוֹשֻעַ אויך אויפגעשטעלט אין מיטן יַרדן, אויף דעם אָרט וואו עס זיינען געשטאַנען די פיס פון די כֹּהֲנים, וואָס האָבן געטראָגן דעם אָרוֹן.

און גאָט האָט געזאָגט צו יְהוֹשֻעַן:

„באַפעל די כֹּהֲנִים, וואָס טראָגן דעם אָרוֹן, אַז זיי זאָלן אַרויסגיין פון יַרדן."

האָט יְהוֹשֻעַ באַפוילן די כֹּהֲנִים:

„גייט אַרויס פון יַרדן!"

און עס איז געווען, ווי נאָר די פיס פון די כֹּהֲנִים האָבן אָנ־געטראָטן אויפן ברעג, אַזוי האָבן זיך די וואַסערן אומגעקערט

אויף זייער אָרט און זיי זיינען איבערגעגאַנגען די ברעגן פון ירדן ווי נעכטן און אייערנעכטן.

און דאָס פאָלק איז אַריבערגעגאַנגען דעם יַרדן אין צענטן טאָג פון חודש און זיי האָבן געררוט אין גִלגָל, אין מִזרח־זייט פון יְריחו. און די צוועלף שטיינער, וואָס זיי האָבן אַרויסגענומען פון יַרדן, האָט יְהושֻעַ אויפגעשטעלט אין גִלגָל. און ער האָט געזאָגט צו די בְנֵי־יִשׂרָאֵל אַזוי צו זאָגן:

„אַז אייערע קינדער וועלן אַמאָל פרעגן זייערע עלטערן: וואָס זיינען דאָס פאַר אַ שטיינער? זאָלן זיי דערציילן זייערע קינדער:

„ווי אויף טריקעניש איז יִשׂרָאֵל אַריבער דעם יַרדן, ווייל גאָט, אייער גאָט, האָט אויסגעטריקנט די וואַסערן פון יַרדן פאַר אייך, ביז איר זייט אַריבערגעגאַנגען, אַזוי ווי גאָט, אייער גאָט, האָט געטאָן צום יַם־סוף, וואָס ער האָט אויסגעטריקנט פאַר אונדז, ווען מיר זיינען אַרויס פון מִצרַיִם."

אין יענעם טאָג האָט גאָט גרויס געמאַכט יְהושֻעַן אין די אויגן פון גאַנץ יִשׂרָאֵל. און זיי האָבן אים געאַכפּערט אַזוי ווי זיי האָבן געאַכפּערט משֶהן אַלע טעג פון זיין לעבן.

## די בְנֵי־יִשׂרָאֵל מאַכן דעם קָרבן פֶּסַח

און די בְנֵי־יִשׂרָאֵל האָבן געררוט אין גִלגָל, און זיי האָבן געמאַכט דעם קָרבן־פֶּסַח אין פערצנטן טאָג פון חודש, אין אָוונט, אין די פּלוינען פון יְריחו. און זיי האָבן געגעסן פון דער תּבואה פונעם לאַנד אויף מאָרגן נאָכן קָרבן־פֶּסַח, מַצות און געבּרענטע

זאַנגען. און דער מַן האָט אויפגעהערט צו גיין אויף מאָרגן נאָך דעם. ווען זיי האָבן געגעסן די תּבואה פון לאַנד, האָבן די בני־ישׂראל מער ניט געהאַט קיין מַן.

## אַ מַלאך פון גאָט באַווייזט זיך צו יְהוֹשוּעַן

און יְריחו איז געווען פאַרריגלט און פאַרשלאָסן איבער די קינדער פון ישׂראל; קיינער – ניט אַרויס, קיינער – ניט אַריין. און ווען יְהוֹשוּעַ איז געווען אין די גרענעצן פון יְריחו, האָט ער אויפגעהייבן די אויגן און דערזען – אַ מאַן שטייט אַקעגן אים און אַ בלויזע שווערד איז אין זיין האַנט. יְהוֹשוּעַ איז צוגעגאַנגען צו אים און געפרעגט:

„ביסטו פון אונדזערע אָדער פון אונדזערע שׂונאים?"

האָט ער געענטפערט:

„ניין, איך בין דער חַייל־פירער פון גאָט."

און יְהוֹשוּעַ איז געפאַלן מיטן פּנים צו דער ערד און האָט זיך געבוקט און האָט געזאָגט צו אים:

„וואָס וויל מיין האַר זאָגן צו זיין קנעכט?"

האָט דער חַייל־פירער פון גאָט געזאָגט צו יְהוֹשוּעַן:

„טו אויס די שיך פון דיינע פיס, ווייל דאָס אָרט אויף וועלכן דו שטייסט איז הייליק."

האָט יְהוֹשוּעַ אַזוי געטאָן.

און דער מַלאך פון גאָט האָט געזאָגט צו יְהוֹשוּעַן:

„זע, איך האָב איבערגעגעבן אין דיין האַנט יְריחו און איר מֶלֶך און אירע גיבּורים. איר זאָלט אַרומרינגלען די שטאָט.

אַלע מִלחָמה־לייט זאָלן אַרומגיין די שטאָט רונד אַרום איין מאָל. און זיבן כֹּהֲנִים זאָלן טראָגן זיבן שׁוֹפרוֹת פאַר דעם אָרוֹן, און די כֹּהֲנִים זאָלן בלאָזן אין די שׁוֹפרוֹת. אַזוי זאָלסטו טאָן זעקס טעג. און אויפן זיבעטן טאָג זאָלט איר אַרומגיין די שטאָט זיבן מאָל. און עס וועט זיין אויפן זיבעטן טאָג, צום זיבעטן מאָל, ווען מען וועט געבן אַן אויסגעצויגענעם בלאָז מיטן שׁוֹפר, איז ווי נאָר איר וועט דערהערן דאָס קוֹל פון שׁוֹפר, זאָל דאָס גאַנצע פאָלק שאַלן אַ גרויסע שאַלונג — וועט די מויער פון שטאָט איינפאַלן, און דאָס פאָלק וועט אַריינגיין אין שטאָט, איטלעכער קעגן דעם אָרט וואו ער וועט שטיין."

## יְריחוֹ פאַלט

האָט יְהוֹשוּעַ דער זון פון נון גערופן די כֹּהֲנִים און געזאָגט צו זיי:

„טראָגט דעם אָרוֹן פון גאָט, און זיבן כֹּהֲנִים זאָלן טראָגן זיבן שׁוֹפרוֹת פאַרן אָרוֹן פון גאָט."

און צום פאָלק האָט ער געזאָגט:

„גייט און רינגלט אַרום די שטאָט, און די באַוואָפנטע זאָלן גיין פאַרן אָרוֹן פון גאָט, אָבער איר זאָלט ניט שאַלן און ניט לאָזן הערן אייער קוֹל. קיין וואָרט זאָל ניט אַרויס פון אייער מויל, ביז דעם טאָג, וואָס איך זאָג צו אייך: ‚שאַלט!' — יעמאָלט זאָלט איר שאַלן, ווייל גאָט האָט אייך איבערגעגעבן די שטאָט. אוז די דאָזיקע שטאָט זאָל זיין הייליק, אַ חֵרֶם צו גאָט. דאָס גאַנצע זילבער און גאָלד און די קופּערנע און אייזערנע כֵּלים זאָלן זיין הייליק צו גאָט. אין שאַץ־קאַמער פון גאָט זאָל עס אַריין. און

רָחָב זאָל בלייבן לעבן, זי און אַלע וואָס זיינען ביי איר אין הויז, ווייל זי האָט אויסבאַהאַלטן די מְרַגלִים, וואָס מיר האָבן געשיקט.״

און יְהוֹשֻעַ איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי און די כֹּהֲנִים האָבן געטראָגן דעם אָרוֹן פון גאָט. און זיבן כֹּהֲנִים האָבן געטראָגן זיבן שוֹפרוֹת פאַרן אָרוֹן פון גאָט, און די באַוואָפנטע זיינען געגאַנגען פאָרויס און דער איבעריקער חַיִל איז געגאַנגען נאָכן אָרוֹן פון גאָט. און זיי זיינען אַרומגעגאַנגען די שטאָט רונד אַרום איין מאָל און זיי זיינען צוריקגעקומען אין לאַגער און זיי האָבן גע־נעכטיקט דאָרטן. און אויפן צווייטן טאָג זיינען זיי אַרומגעגאַנגען די שטאָט רונד אַרום אויך איין מאָל און זיך אומגעקערט אין לאַגער. אַזוי האָבן זיי געטאָן זעקס טעג.

און עס איז געווען אויפן זיבעטן טאָג האָבן זיי זיך גע־פעדערט און ווי דער פרימאָרגן איז אויפגעגאַנגען, זיינען זיי געגאַנגען רונד אַרום דער שטאָט זיבן מאָל. און עס איז געווען ביים זיבעטן מאָל האָבן די כֹּהֲנִים געבלאָזן אין די שוֹפרוֹת און יְהוֹשֻעַ האָט געזאָגט צום פאָלק: „שאַלט! ווייל גאָט האָט אייך איבערגעגעבן די שטאָט!״ האָט דאָס פאָלק געשאַלט אַ גרויסע שאַלונג און די מויער איז איינגעפאַלן און דאָס פאָלק איז אַריינ־געגאַנגען אין שטאָט איטלעכער אַקעגן דעם אָרט וואו ער איז געשטאַנען. און זיי האָבן איינגענומען די שטאָט.

און די צוויי מְרַגלִים זיינען אַריין אין רָחָבס הויז, און זיי האָבן אַרויסגעפירט רָחָבן און איר פאָטער און איר מוטער און אירע ברידער – די גאַנצע מִשפָּחה האָבן זיי אַרויסגעפירט און זיי איבערגעלאָזט אין דעם לאַגער פון יִשׂרָאֵל.

און די שטאָט האָבן זיי פאַרברענט אין פייער מיט אַלץ וואָס אין איר. בלויז דאָס זילבער און דאָס גאָלד און די קופּער־נע און אייזערנע כּלים האָבן זיי אָפּגעגעבן אין שאַצקאַמער פון גאָטס הויז.

און גאָט איז געווען מיט יְהוֹשוּעַן און זיין נאָמען האָט גע־קלונגען איבערן גאַנצן לאַנד.

## עָכָן נעמט פון חֵרֶם

און עָכָן פון שֵׁבֶט יְהוּדָה האָט גענומען פון חֵרֶם און גאָט האָט געצאָרנט אויף די בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל.

און יְהוֹשוּעַ האָט געשיקט מענטשן פון יְרִיחוֹ קיין עַי, און ער האָט זיי אָנגעזאָגט אַזוי:

„גייט און קוקט אויס דאָס לאַנד."

זיינען די מענטשן אַוועקגעגאַנגען און האָבן אויסגעקוקט די שטאָט. און זיי האָבן זיך אומגעקערט צו יְהוֹשוּעַן און זיי האָבן צו אים געזאָגט:

„עס דאַרף ניט גיין קעגן עַי דאָס גאַנצע פאָלק; זאָלן נאָר גיין אַ צוויי טויזנט מאַן אָדער אַ דריי טויזנט מאַן, און שלאָגן עַי. זיי זיינען ווייניק און מען דאַרף ניט באַמיען דאָס גאַנצע פאָלק."

זיינען אַוועק אַהין אַרום דריי טויזנט מאַן. אָבער זיי זיינען אַנטלאָפן פאַר די מענטשן פון עַי. און די איינוואוינערס פון עַי האָבן זיי נאָכגעיאָגט און האָבן דערשלאָגן פון זיי אַרום זעקס און דרייסיק מאַן. און דאָס פאָלק האָט זיך זייער שטאַרק דער־שראָקן.

האָט יְהוֹשוּעַ צעריסן די קליידער און איז געפאַלן מיטן פָּנים צו דער ערד פאַרן אָרוֹן פון גאָט ביזן אָוונט, ער און די עלטסטע פון יִשׂרָאֵל. און זיי האָבן אַרויפגעטאָן שטויב אויף זייערע קעפּ.

און יְהוֹשוּעַ האָט געזאָגט:

„אוי וויי, גאָט דו האַר, צוליב וואָס האָסטו אַריבערגע־בראַכט דאָס פאָלק איבערן יַרדן, כּדֵי אונדז איבערצוגעבן אין דער האַנט פון דעם אֱמוֹרִי, און כּדֵי אונדז אומצוברענגען? הַלְוַאי וואָלטן מיר בעסער געבליבן אויף יענער זייט יַרדן. איך בעט דיך, גאָט, וואָס קאָן איך זאָגן נאָכדעם ווי יִשׂרָאֵל האָט געמוזט אַנטלויפן פאַר זיינע פיינד? ווען דער כְּנַעֲני און אַלע אַנדערע איינוואוינערס פון לאַנד וועלן עס דערהערן, וועלן זיי אונדז אַרומרינגלען און אונדז אָפּווישן פון דער ערד. וואָס וועט זיין מיט דיין גרויסן נאָמען?"

האָט גאָט געזאָגט צו יְהוֹשוּעַן:

„שטיי אויף! פאַרוואָס פאַלסטו אויף דיין פָּנים? געזינדיקט האָט יִשׂרָאֵל. זיי האָבן איבערגעטראָטן מיין באַפעל און זיי האָבן גענומען אי פון חֵרֶם, אי גענבעט, אי פאַרלייקנט און באַהאַלטן צווישן זייערע זאַכן. דערפאַר קענען ניט די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל זיך שטעלן קעגן זייערע שׂוֹנאִים. איך וועל ניט זיין מיט אייך, אויב איר וועט ניט אויסראַמען דעם חֵרֶם צווישן אייך. שטיי אויף און גרייט צו דאָס פאָלק און זאָג צו זיי:

„זייט גרייט אויף מאָרגן, ווייל אַזוי האָט געזאָגט גאָט: דו וועסט זיך נישט קענען שטעלן קעגן דיינע פיינד ביז דו וועסט ניט אויסראַמען די זאַכן פון חֵרֶם צווישן אייך. דערפאַר זאָלט

איר גענענען צום אָרון אין דער פּרי, לויט אײערע שבָטים. און עס װעט זײן דער שֵבֶט, װאָס דער גורל פון גאָט װעט אויף אים פאַלן, זאָל ער גענענען לויט די מִשפָחות. און די מִשפָּחה, װאָס גאָטס גורל װעט אויף איר פאַלן—זאָל גענענען לויט די מענער. און אויף יענעם, װאָס װעט פאַלן דער גורל, אַז ער האָט גענומען פון חֵרֶם, זאָל אומקומען, װײל ער האָט פאַרשװעכט דעם בונד פון גאָט, און װײל ער האָט געטאָן אַ שענדלעכע זאַך אין יִשׂרָאֵל."

און יְהושוּעַ איז אויפגעשטאַנען אין דער פרי און געמאַכט גענענען יִשׂרָאֵל, לויט זײנע שבָטים צום אָרון פון גאָט און דער גורל איז געפאַלן אויף דעם שֵבֶט יְהוּדָה. האָט ער געמאַכט גענענען די מִשפָּחות פון יְהוּדָה, איז דער גורל געפאַלן אויף עָכָנען.

האָט יְהושוּעַ געזאָגט צו עָכָנען:

„מײן זון, גיב אָפּ כָּבוד צום גאָט פון יִשׂרָאֵל און זײַ זיך מודה פאַר אים. דערצײל מיר, װאָס דו האָסט געטאָן, זאָלסט קײן זאַך ניט באַהאַלטן פון מיר."

האָט עָכָן געענטפערט און געזאָגט:

„אֱמֶת, איך האָב געזינדיקט פאַר גאָט פון יִשׂרָאֵל. איך האָב געזען אין דעם רויב אַ גוטן מאַנטל און צװײ הונדערט שֶקל זילבער און אַ צונג גאָלד, װאָס איר װאָג איז פופציק שֶקל, האָב איך זײ געגלוסט און זײ צוגענומען. זײ זײנען באַהאַלטן אין דער ערד אין מיטן פון מײן געצעלט, און דאָס זילבער איז אונטערן מאַנטל."

האָט יְהושוּעַ געשיקט שלוחים און זײ זײנען אַװעקגעלאָפן

צום געצעלט; ערשט דער מאַנטל איז באַהאַלטן אין געצעלט און דאָס זילבער איז אונטער אים. האָבן זיי עס אַרויסגענומען פון געצעלט און געבראַכט צו יְהוֹשוּעַן, און עס אַוועקגעלייגט פאַר דעם אָרוֹן פון גאָט. און יְהוֹשוּעַ און גאַנץ יִשְׂרָאֵל מיט אים האָבן גענומען עָכָן דעם זון פון זֶרַח און דאָס זילבער און דעם מאַנטל און די צונג פון גאָלד, און אַלץ וואָס געהערט צו עָכָנען און זיי האָבן אים אַראָפּגעבראַכט צום טאָל עָכוֹר. און יְהוֹשוּעַ האָט געזאָגט:

„פאַרוואָס האָסטו אונדז פאַראומגליקט? פאַראומגליקן זאָל דיך גאָט היינטיקן טאָג."

און גאַנץ יִשְׂרָאֵל האָט אים פאַרשטיינט מיט שטיינער, און זיי האָבן אויפגעשטעלט איבער אים אַ גרויסע קופּע שטיינער, וואָס שטייט ביז היינטיקן טאָג.

## די מִלְחָמה אויף דער שטאָט עַי

און גאָט האָט געזאָגט צו יְהוֹשוּעַן:

„נעם מיט דיר דאָס גאַנצע פאָלק און שטיי אויף און גיי אויף עַי. זע, איך האָב איבערגעגעבן אין דיין האַנט דעם מֶלֶך פון עַי און זיין פאָלק, און זיין שטאָט, און זיין לאַנד."

און יְהוֹשוּעַ האָט אויסגעקליבן דרייסיק טויזנט מאַן, העלדישע גיבורים, און ער האָט געזאָגט צו זיי:

„זעט, הינטער דער שטאָט זאָלט איר לויערן אויף דער שטאָט. איר זאָלט זיך ניט דערווייטערן פון שטאָט און איר זאָלט זיין גרייט. און עס וועט זיין, אַז זיי וועלן אַרויסגיין קעגן

אונדז, אַזוי ווי זיי האָבן פריער געטאָן, וועלן מיר אַנטלויפן פאַר זיי. און זיי וועלן אַרויסגיין נאָך אונדז, ווייל זיי וועלן זאָגן: ,זיי אַנטלויפן פאַר אונדז.׳ און מיר וועלן אַנטלויפן פאַר זיי ביז מיר וועלן זיי אַרויסרוקן פון דער שטאָט. יעמאָלט זאָלט איר אויפשטיין פון דעם לויער־אָרט און פאַרנעמען די שטאָט. און עס וועט זיין ווען איר וועט פאַרכאַפּן די שטאָט זאָלט איר זי אונטערצינדן; געדענקט, וואָס איך האָב אייך אָנגעזאָגט.״

און יְהוֹשוּעַ האָט זיי אַוועקגעשיקט קיין עַי ביינאַכט. און יְהוֹשוּעַ האָט יענע נאַכט גענעכטיקט צווישן דעם פאָלק.

און יְהוֹשוּעַ איז אויפגעשטאַנען אין דער פרי און האָט איבערגעציילט דאָס פאָלק, און דאָס גאַנצע פאָלק איז מיט אים אַרויפגעגאַנגען און געלאַגערט אין צָפון פון עַי.

און עס איז געווען ווי דער מֶלֶך פון עַי האָט עס דערזען, אַזוי האָט ער און די מענטשן פון שטאָט זיך געאייַלט, און זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען אַקעגן יִשׂרָאֵל אויף מִלחָמה. און יְהוֹשוּעַ און גאַנץ יִשׂרָאֵל האָבן זיך געמאַכט, ווי זיי זיינען צעשלאָגן פאַר זיי, און זיי זיינען אַנטלאָפן אויפן וועג צום מִדבָּר. יעמאָלט איז דאָס גאַנצע פאָלק פון עַי צונויפגערופן געוואָרן זיי נאָכצויאָגן. און זיי האָבן נאָכגעיאָגט יְהוֹשוּעַן. עס איז ניט געבליבן קיין איין מענטש אין עַי. און זיי האָבן געלאָזט די שטאָט אָפן.

האָט גאָט געזאָגט צו יְהוֹשוּעַן:

„טו אַ נייג מיט דער שפּיז, וואָס איז אין דיין האַנט אַקעגן דער שטאָט עַי.״

און יְהוֹשוּעַ האָט אַ נייג געטאָן מיט דער שפּיז, וואָס איז געווען אין זיין האַנט אַקעגן דער שטאָט. און ווי די לויערערס האָבן

עס דערזען, זיינען זיי אויפגעשטאַנען פון זייער אָרט און זיי זיינען אַריין אין דער שטאָט און האָבן זי פאַרנומען, און זיי האָבן זיך געאײַלט און האָבן אונטערגעצונדן די שטאָט. און די מענטשן פון עַי האָבן אַ קוק געטאָן הינטער זיך און דערזען – דער רויך פון שטאָט איז אַרויף צום הימל, האָבן זיי מער קיין כּוֹחַ ניט געהאַט צו לויפן אַהער אָדער אַהין.

און ווי יְהוֹשוּעַ און גאַנץ יִשׂרָאֵל האָבן דערזען, אַז די לויערערס האָבן באַצוואונגען די שטאָט, אַזוי האָבן זיי זיך אומגעקערט און האָבן אָנגעהויבן שלאָגן די מענטשן פון עַי. און די לויערערס זיינען אַרויסגעגאַנגען פון דער שטאָט זיי אַקעגן, זיינען די איינוואוינערס פון עַי געווען אין מיטן פון יִשׂרָאֵל: יְהוֹשוּעַ און דאָס פאָלק פון איין זייט און די לויערערס פון דער אַנדערער זייט. און זיי האָבן זיי צעשלאָגן; קיינער איז ניט אַנטרונען, קיינער האָט זיך ניט געראַטעוועט. און דעם מֶלֶך פון עַי האָט מען געכאַפּט אַ לעבעדיקן און אים געבראַכט צו יְהוֹשוּעַן.

און עס איז געווען, ווען יִשׂרָאֵל האָט באַזיגט די איינוואוינערס פון עַי אויף דעם פעלד פון מִלְחָמָה, האָט יִשׂרָאֵל זיך אומגעקערט און פאַרנומען די שטאָט עַי.

## יְהוֹשוּעַ בויט אַ מִזְבֵּחַ אויפן באַרג עֵיבָל

נאָך דעם האָט יְהוֹשוּעַ געבויט אַ מִזְבֵּחַ צו גאָט פון יִשׂרָאֵל אויפן באַרג עֵיבָל. אַזוי ווי משֶׁה, דער קנעכט פון גאָט, האָט אָנגעזאָגט די קינדער פון יִשׂרָאֵל, ווי עס שטייט פאַרשריבן אין

תּוֹרַת־מֹשֶה: אַ מִזְבֵּחַ פון גאַנצע שטיינער, וואָס מען האָט אויף זיי ניט אויפגעהויבן קיין אייזן. און ער האָט דאָרט אויפגעשריבן אויף די שטיינער אַן אָפּשריפט פון תּוֹרַת־מֹשֶה. ער האָט עס אויפגעשריבן פאַר די אויגן פון די קינדער פון יִשְׂרָאֵל. און גאַנץ יִשְׂרָאֵל און זייערע עלטסטע, זייערע אויפזעערס און זייערע ריכטערס, אויך די פרעמדע צווישן זיי, זיינען געשטאַנען פון די זייטן פון אָרוֹן פון גאָט, אַ העלפט אַקעגן באַרג גריזים און אַ העלפט אַקעגן באַרג עֵיבָל, אַזוי ווי מֹשֶה, דער קנעכט פון גאָט, האָט אָנגעזאָגט צו בענטשן דאָס פאָלק. און יְהוֹשוּעַ האָט פאָר־געלייענט די אַלע רייד פון דער תּוֹרה — די בְּרָכוֹת און די קְלָלוֹת, ווי עס שטייט פאַרשריבן אין תּוֹרַת־מֹשֶה. ס׳איז ניט אויסגעלאָזט געוואָרן קיין איין וואָרט פון אַלץ, וואָס מֹשֶה האָט באַפוילן — אַלץ האָט יְהוֹשוּעַ פאָרגעלייענט פאַר דער גאַנצער פאַרזאַמלונג פון יִשְׂרָאֵל מיט זייערע ווייבער, קליינע קינדער און דעם פרעמדן וואָס איז מיטגעגאַנגען מיט זיי.

## די גִבעוֹנים

און די איינוואוינערס פון גִבעוֹן האָבן געהערט, וואָס יְהוֹשוּעַ האָט געטאָן מיט יְרִיחוֹ און מיט עַי, האָבן זיי זיך געקליגט און זיי זיינען געגאַנגען און האָבן זיך פאַרשטעלט: זיי האָבן אָנגע־לאָדן אויף זייערע אייזלען אַלטע זעק מיט שפּייז און אַלטע לאָגלען — צעשפּאָלטענע און פאַרבונדענע מיט שטריקלעך. און אַלטע פאַרלאַטעטע שיך האָבן זיי אָנגעטאָן אויף די פיס, און אָפּגעטראָגענע קליידער האָבן זיי אָנגעטאָן אויף זיך. און

דאָס ברויט, וואָס זיי האָבן מיטגענומען שפּייז אויפן וועג, איז געוועזן אַלט־געבאַקן און פֿאַרשימלט. און זיי זיינען געקומען צו יְהוֹשֻׁעַ אין לאַגער קיין גִלְגָל און זיי האָבן געזאָגט צו אים און צו די בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל:

„פֿון אַ ווייט לאַנד זיינען מיר געקומען און איצט שליסט מיט אונדז אַ בונד."

האָבן די מענער פֿון יִשְׂרָאֵל געזאָגט:

„אֶפְשֶׁר זיצן זיי צווישן אונדז און ווי אַזוי קענען מיר שליסן אַ בונד מיט זיי?"

האָט יְהוֹשֻׁעַ געזאָגט צו די גִבְעוֹנִים:

„ווער זייט איר און פֿון וואַנען קומט איר?"

האָבן זיי צו אים געזאָגט:

„פֿון זייער אַ ווייט לאַנד זיינען געקומען דיינע קנעכט, צו־ליב דעם נאָמען פֿון דיין גאָט, ווייל מיר האָבן געהערט וועגן אים און אַלץ וואָס ער האָט געטאָן אין מִצְרַיִם, און אַלץ וואָס ער האָט געטאָן מיט די צוויי מְלָכִים פֿון דעם אֶמוֹרִי, וואָס אויף־יענער זייט יַרְדֵן: צו סיחוֹן דעם מֶלֶך פֿון חֶשְׁבּוֹן און צו עוֹג דעם מֶלֶך פֿון בָּשָׁן. האָבן געזאָגט צו אונדז אונדזערע עלטסטע און אַלע איינוואוינערס פֿון אונדזער לאַנד אַזוי צו זאָגן:

„נעמט מיט זיך שפּייז אויפֿן וועג און גייט צו זיי און זאָגט צו זיי: ‚אייערע קנעכט זיינען מיר און שליסט מיט אונדז אַ בונד.' זעט, דאָס דאָזיקע ברויט אונדזערס האָבן מיר גענומען וואַרע־מערהייט פֿון אונדזערע הייזער אין דעם טאָג, וואָס מיר זיינען אַרויס צו גיין צו אייך. איצט איז עס פֿאַרטריקנט און פֿאַר־שימלט. און די דאָזיקע לאָגלען פֿון וויין, וואָס מיר האָבן אָנ־

געפּילט, זיינען געווען ניי און אָט זיינען זיי צעשפּאָלטן און די קליידער און שיך אונדזערע זיינען אַלט געוואָרן פון דעם לאַנגן וועג."

און מען האָט גענומען און געגעסן פון זייער שפּייז און יְהוֹשוּעַ האָט געשלאָסן מיט זיי אַ בונד. און די פירשטן פון דער עֵדָה האָבן געשוואָרן אָפּצוהיטן דעם בונד.

און עס איז געווען צום סוֹף פון דריי טעג, נאָכדעם ווי זיי האָבן געשלאָסן דעם בונד, האָבן די בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל זיך דערוואוסט, אַז זיי זיינען זייערע שכֵנים און אַז זיי זיצן צווישן זיי. זיינען די בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל אַוועק און אָנגעקומען אין זייערע שטעט אויפן דריטן טאָג. און זייערע שטעט זיינען געווען: גִבעוֹן, כּפִירָה, בְּאֵרוֹת און קִריַת־יְעָרים. און די גאַנצע עֵדָה האָט געמורמלט אויף די פירשטן.

האָבן אַלע פירשטן געזאָגט צו דער גאַנצער עֵדָה:

„מיר האָבן געשוואָרן צו זיי ביי גאָט, דעם גאָט פון יִשְׂרָאֵל, און מיר טאָרן זיי איצט ניט אָנרירן. מיר וועלן טאָן ווי מיר האָבן געשוואָרן און מיר וועלן זיי לאָזן לעבן, כּדי אויף אונדז זאָל ניט פאַלן דער צאָרן פון גאָט, אויב מיר וועלן ברעכן די שבועה. זיי בלייבן לעבן."

און יְהוֹשוּעַ האָט זיי גערופן און האָט צו זיי געזאָגט:

„פאַרוואָס האָט איר אונדז אָפּגענאַרט און געזאָגט, ,מיר זיינען זייער ווייט פון אייך' און איר זיצט צווישן אונדז?"

האָבן זיי געענטפערט יְהוֹשוּעַן און האָבן געזאָגט:

„דערציילן איז דערציילט געוואָרן דיינע קנעכט, וואָס דיין גאָט האָט באַפוילן דיין קנעכט משֶהן אייך צו געבן דאָס גאַנצע

לאַנד, און צו פֿאַרטיליקן אַלע איינוואוינערס פון לאַנד, האָבן מיר זייער מורא געקראָגן פאַר אונדזער לעבן, דערפאַר האָבן מיר אָפּגעטאָן די זאַך. איצט זיינען מיר ביי דיר אין די הענט און וואָס דו ווילסט קענסטו טאָן מיט אונדז.״

און יְהוֹשוּעַ האָט געזאָגט:

„פון היינט אָן זאָלט איר זיין האָלץ־העקערס און וואַסער־שעפּערס פאַר דעם הויז פון מיין גאָט.״

## פינף מלָכים באַפאַלן גִבעוֹן

און עס איז געווען ווי אֲדוֹני־צֶדֶק, דער מֶלֶך פון יְרוּשָלַיִם, האָט געהערט, אַז יְהוֹשוּעַ האָט איינגענומען עַי און האָט זי פאַר־וויסט, און אַז די איינוואוינערס פון גִבעוֹן האָבן געמאַכט שָלוֹם מיט יִשׂרָאֵל, האָט ער זייער מורא געקראָגן, ווייל גִבעוֹן איז גע־ווען אַ גרויסע שטאָט, ווי איינע פון די מלוכה־שטעט. זי איז נאָך געווען גרעסער פון עַי און אַלע אירע מענער זיינען געווען גיבורים. און אֲדוֹני־צֶדֶק, דער מֶלֶך פון יְרוּשָלַיִם, האָט געשיקט צום מֶלֶך פון חֶברוֹן, צום מֶלֶך פון יַרמוּת, צום מֶלֶך פון לָכִיש און צום מֶלֶך פון עֶגלוֹן אַזוי צו זאָגן:

„קומט אַרויף צו מיר און העלפט מיר. לאָמיר שלאָגן גִבעוֹן, ווייל זי האָט געמאַכט שָלוֹם מיט יְהוֹשוּעַן און מיט די בְנֵי־יִשׂרָאֵל.״

האָבן זיך איינגעזאַמלט און אַרויפגעקומען פינף מלָכים פון דעם אֶמוֹרִי מיט זייערע מַחנוֹת און זיי האָבן באַלאַגערט גִבעוֹן און מִלחָמה געהאַלטן מיט איר.

האָבן די מענטשן פון גִבעון געשיקט צו יְהוֹשוּעַן אין לאַגער קיין גִלגָל אַזוי צו זאָגן:

„פאַרלאָז ניט דיינע קנעכט. קום אויף גיך און העלף אונדז און שטעל זיך איין פאַר אונדז, ווייל אַלע מלָכים פון אֶמוֹרי, די איינוואוינערס פון די בערג, האָבן זיך איינגעזאַמלט קעגן אונדז.״

## זון און לבָנה בלייבן שטיין

און יְהוֹשוּעַ איז אַרויפגעגאַנגען פון גִלגָל און דאָס גאַנצע פאָלק מיט אים און אַלע העלדישע גיבּוֹרים. און גאָט האָט גע־זאָגט צו יְהוֹשוּעַן:

„זאָלסט ניט מוֹרא האָבן פאַר זיי, ווייל איך האָב זיי איבער־געגעבן אין דיין האַנט. קיינער פון זיי וועט זיך ניט קאָנען שטעלן קעגן דיר.״

און יְהוֹשוּעַ איז אַרויפגעקומען אויף זיי פּלוצלונג, ווייל ער איז די גאַנצע נאַכט געגאַנגען פון גִלגָל. און גאָט האָט זיי צע־טומלט פאַר יִשׂרָאֵל און ער האָט זיי צעשלאָגן אין אַ גרויסער שלאַכט לעבן גִבעוֹן.

און עס איז געווען, אַז זיי זיינען אַנטלאָפן פאַר יִשׂרָאֵל, האָט ער אַראָפּגעוואָרפן אויף זיי פון הימל גרויסע שטיינער און זיי געטייט. די וואָס זיינען געטייט געוואָרן פון די האָגל־שטיינער זיינען געווען מער ווי די וואָס בּנֵי־יִשׂרָאֵל האָבן גע־הַרגעט מיט דער שווערד.

אָבער די זון האָט אָנגעהויבן אונטערגיין, האָט יְהוֹשוּעַ אויס־גערופן פאַר די אויגן פון יִשׂרָאֵל:

„זון, אין גִבעוֹן בלייב שטיין,
און לְבָנה – אין טאָל אַיָלון!"
איז די זון געבליבן שטיין.
און די לְבָנה האָט געוואַרט.

און די זון האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן הימל און האָט זיך ניט געאײַלט אונטערצוגיין כְּמעַט אַ גאַנצן טאָג. און אַזאַ טאָג ווי יענער איז ניט געווען פאַר אים אָדער נאָך אים – אַז גאָט זאָל זיך צוהערן צו דעם קוֹל פון אַ מענטשן. און דאָס איז פאַר־שריבן אין סֵפֶר הַיָשָר.

## יְהוֹשוּעַ נעמט איין דאָס לאַנד

און יְהוֹשוּעַ האָט איינגענומען דאָס גאַנצע לאַנד, די בערג און דעם נֶגֶב, דאָס נידערלאַנד (די שְפֵלה) און דעם פּלוין, די בערג פון יִשׂרָאֵל און דאָס נידערלאַנד דאָרטן. און אַ סך יאָרן האָט יְהוֹשוּעַ געפירט מִלחָמה מיט די מְלָכִים פון כְּנַעַן. עס איז ניט געווען קיין שטאָט, וואָס האָט געמאַכט שָלוֹם מיט די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל, אַחוץ די גִבעוֹנים. אין יענער צייט האָט יְהוֹשוּעַ באַזיגט די עֲנָקים, די ריזן, פון דעם באַרגלאַנד, און זייערע שטעט האָט ער פאַרוויסט. און יְהוֹשוּעַ האָט איינגענומען דאָס גאַנצע לאַנד, אַזוי ווי גאָט האָט גערעדט צו מֹשֶהן. איין און דרייסיק מְלָכִים האָט יְהוֹשוּעַ באַזיגט. און דאָס לאַנד איז שטיל געווען פון מִלחָמה.

## די צעטיילונג פון לאַנד

און יְהוֹשֻעַ איז זייער אַלט געוואָרן. און גאָט האָט געזאָגט צו אים:

„איצט צעטייל דאָס לאַנד צו די ניין שְבָטִים און דעם האַלבן שֵבֶט מְנַשֶה.”

דער אַנדער האַלבער שֵבֶט מְנַשֶה און דער שֵבֶט ראובן און דער שֵבֶט גָד האָבן געקראָגן זייער נַחֲלָה אויף יענער זייט יַרדן, אַזוי ווי משֶה דער קנעכט פון גאָט האָט זיי געגעבן.

און די גאַנצע עֵדָה האָט זיך איינגעזאַמלט אין שִילֹה, און זיי האָבן דאָרטן אויפגעשטעלט דעם אוֹהֶל־מוֹעֵד. און יְהוֹשֻעַ האָט געוואָרפן גורל פאַר גאָט און האָט דאָרטן צעטיילט דאָס לאַנד צו די בְנֵי־יִשְרָאֵל לויטן גורל.

און די הויפּטלייט פון די מִשְפָחוֹת פון די לְוִיִים האָבן גענענט צו אֶלְעָזָר דעם כֹּהֵן, און צו יְהוֹשֻעַן דעם זון פון נוּן. און זיי האָבן גערעדט אין שִילֹה, אין לאַנד כְּנַעַן, אַזוי צו זאָגן:

„גאָט האָט באַפוילן דורך משֶהן אונדז צו געבן שטעט צו וואוינען, מיט פרייע פּלעצער פאַר אונדזערע בְהֵמוֹת.”

האָבן די בְנֵי־יִשְרָאֵל געגעבן די לְוִיִים פון זייער נַחֲלָה, לויטן באַפעל פון גאָט, שטעט מיט זייערע פרייע פּלעצער. די לְוִיִים האָט מען ניט געגעבן קיין חֵלֶק אין לאַנד, נאָר שטעט צו וואוינען. אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן משֶהן אַזוי האָבן די בְנֵי־יִשְרָאֵל געטאָן.

## עָרֵי־מִקְלָט – שטעט פון אַנטרינונג

און גאָט האָט גערעדט צו יְהוֹשוּעַן אַזוי צו זאָגן:
„באַשטימט אייך שטעט פון אַנטרינונג, ווי איך האָב אייך אָנגעזאָגט דורך משֶהן. אַהין זאָל אַנטלויפן דער מענטש, וואָס הַרגעט אַ נֶפֶש דורך אַ פאַרזען, אָן אַ מיין. און אַז ער וועט אַנט־לויפן אין איינער פון די דאָזיקע שטעט און זיך שטעלן אין אַריינ־גאַנג פון שטאָט־טויער זאָל מען אים אַריינעמען צו זיך אין דער שטאָט און אים געבן אַן אָרט און ער זאָל דאָרטן וואוינען. און אַז דער בלוט־מאָנער וועט אים נאָכיאָגן זאָל מען דעם מערדער ניט אַרויסגעבן, ווייל ער האָט אָן אַ מיין דערשלאָגן זיין חַבֶר, און ער איז אים ניט געווען קיין שׂוֹנא פון נעכטן און אייערנעכטן. און ער זאָל זיצן אין יענער שטאָט ביז ער שטעלט זיך פאַר דער עֵדָה צום מִשְפָּט. און אויב זיין אומשולד וועט באַוויזן ווערן זאָל ער דאָרט זיצן ביז דעם טויט פון כֹּהֵן־גָדוֹל, וואָס וועט זיין אין יענע טעג. נאָך דעם טויט פון כֹּהֵן־גָדוֹל, מעג ער זיך אומ־קערן און קומען אין זיין שטאָט פון וועלכער ער איז אַנטלאָפן."
האָט מען געהייליקט קֶדֶש אין גָליל, שְכֶם אין אֶפרַיִם און חֶברוֹן אין יְהוּדָה. און פון יענער זייט יַרדן האָט מען געהייליקט בֶּצֶר אין שֵבֶט ראובן, רָמוֹת אין גִלעָד אין שֵבֶט גָד און גוֹלָן אין שֵבֶט מנַשֶה.
דאָס זיינען געווען די עָרֵי־מִקלָט פאַר אַלע בנֵי־יִשׂרָאֵל און פאַר דעם פרעמדן, וואָס האַלט זיך אויף צווישן זיי.

## יְהוֹשוּעַ שיקט אַהיים די שְבָטִים פון עֵבֶר־הַיַרדן

יעמאָלט האָט יְהוֹשוּעַ גערופן דעם שֵבֶט ראובן און דעם שֵבֶט גָד און דעם האַלבן שֵבֶט מְנַשה און ער האָט זיי געזאָגט:

„איר האָט אָפּגעהיט אַלץ, וואָס משֶה, דער קנעכט פון גאָט, האָט אייך באַפוילן און איר האָט זיך צוגעהערט צו מיין קול און אַלץ וואָס איך האָב אייך באַפוילן. איר האָט ניט פאַרלאָזט אייערע ברידער די גאַנצע לאַנגע צייט פון די מִלחָמות. און איצט האָט גאָט, אייער גאָט, געבראַכט רו צו אייערע ברידער, ווי ער האָט צוגעזאָגט. דעריבער קערט זיך אום און גייט צוריק צום לאַנד פון אייער יְרוּשָה, וואָס משֶה, דער קנעכט פון גאָט, האָט אייך געגעבן אויף יענער זייט יַרדן. אָבער היט דאָס געבאָט און די תּוֹרָה, וואָס משֶה, דער קנעכט פון גאָט, האָט אייך אָנגעזאָגט. האָט ליב אייער גאָט און גייט אין אַלע זיינע וועגן, היט זיינע געבאָטן און באַהעפט זיך אין אים און דינט אים מיט אייער גאַנצן האַרצן און אייער גאַנצער נְשָמה."

און יְהוֹשוּעַ האָט זיי געבענטשט און זיי אַוועקגעשיקט.

## אַ מִזבֵחַ ביים יַרדן

און ווען די קינדער פון ראובן און די קינדער פון גָד און דער האַלבער שֵבֶט מְנַשה זיינען געקומען אין די געגנטן פון יַרדן, האָבן זיי געבויט אַ גרויסן מִזבֵחַ אויף אָנצוקוקן בלויז, און ניט אויף צו ברענגען קָרבָּנוֹת אויף אים.

און די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל האָבן דערהערט, אַז די צוויי און אַ האַלב

שְׁבָטִים האָבן געבויט אַ מִזְבֵּחַ אויף יענער זייט יַרדן, האָט זיך די גאַנצע עֵדָה פאַרזאַמלט אין שִׁילֹה מִלחָמה צו האַלטן קעגן זיי.

און די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל האָבן געשיקט צו די צוויי און אַ האַלב שְׁבָטִים קיין גִלעָד, פִּינחָס דעם זון פון אֶלעָזָר דעם כֹּהֵן און מיט אים צען פירשטן, צו איין פירשט פון יעדן שֵׁבֶט, פון די שְׁבָטִים פון יִשׂרָאֵל. און זיי זיינען געקומען צו די קינדער פון ראובן און צו די קינדער פון גָד און צום האַלבן שֵׁבֶט מְנַשֶׁה אין לאַנד גִלעָד און זיי האָבן גערעדט צו זיי אַזוי צו זאָגן:

„אַזוי האָט געזאָגט די גאַנצע עֵדָה פון גאָט: היינט ווידער־שפעניקט איר קעגן גאָט און מאָרגן וועט זיך אויסגיסן זיין צאָרן אויף דער גאַנצער עֵדָה פון יִשׂרָאֵל. אויב דאָס לאַנד אייערס איז אומריין, קומט אַריבער אין דעם לאַנד פון גאָט, וואו עֶס שטייט דער מִשׁכָּן פון גאָט. באַזעצט זיך צווישן אונדז, נאָר ווידערשפעניקט ניט קעגן גאָט מיט בויען אַ מִזְבֵּחַ פאַר זיך, ביי אייך אין גִלעָד."

האָבן געענטפערט די קינדער פון ראובן און די קינדער פון גָד און דער האַלבער שֵׁבֶט מְנַשֶׁה און זיי האָבן גערעדט צו די הויפּטלייט פון יִשׂרָאֵל:

„דער גאָט פון יִשׂרָאֵל ווייסט און זאָל גאַנץ יִשׂרָאֵל וויסן, אַז מיר האָבן עס געטאָן בלויז פון אַזאַ זאָרג:

„מאָרגן וועלן אייערע קינדער זאָגן צו אונדזערע קינדער: ‚וואָס קערט איר זיך אָן מיט דעם גאָט פון יִשׂרָאֵל? גאָט האָט דאָך געמאַכט אַ גרענעץ צווישן אונדז און צווישן אייך, דעם יַרדן; איר האָט ניט קיין חֵלֶק אין גאָט פון יִשׂרָאֵל.‘ אייערע קינדער וועלן שטערן אונדזערע קינדער צו דינען גאָט. האָבן

מיר געזאָגט: לאָמיר זיך באַוואָרענען און בויען אַ מִזבֵּחַ, ניט מַקריב צו זײַן קָרבָּנוֹת אויף אים, נאָר ער זאָל זײַן אַן עֵדוּת צווישן אונדז און צווישן אײַך און צווישן אונדזערע דוֹרוֹת נאָך אונדז. חָלילה, מיר וועלן ניט ווידערשפּעניקן קעגן גאָט און אָפּקערן זיך פון אים צו בויען אַ מִזבֵּחַ פאַר קָרבָּנוֹת.״

און פּינחָס דער כֹּהֵן און די פירשטן פון דער עֵדה, האָבן דערהערט די רייד, וואָס די צוויי און אַ האַלב שבָטים האָבן גערעדט, און דאָס איז זיי געפעלן געוואָרן. און פּינחָס דער כֹּהֵן האָט געזאָגט צו זיי:

„אַצינד ווייסן מיר, אַז איר האָט ניט געזינדיקט קעגן גאָט.״

און פּינחָס, דער זון פון אֶלעָזָר דעם כֹּהֵן און די פירשטן האָבן זיך אומגעקערט פון לאַנד גִלעָד אין לאַנד כּנַעַן צו די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל און זיי געבראַכט דעם ענטפער פון די צוויי און אַ האַלב שבָטים. און דער ענטפער איז געפעלן געוואָרן אין די אויגן פון יִשׂרָאֵל.

## יְהוֹשוּעַ וואָרנט דאָס פאָלק

און עס איז געווען אין אַ צייט אַרום, נאָכדעם ווי גאָט האָט געגעבן רו צו יִשׂרָאֵל פון אַלע זייערע פיינד פון רונד אַרום, און יְהוֹשוּעַ איז געוואָרן אַלט, האָט ער גערופן גאַנץ יִשׂרָאֵל, די עלטסטע, די הויפּטלייט, די ריכטער און די אויפזעערס און האָט צו זיי געזאָגט:

„איך בין שוין אַלט און איר האָט אַלץ געזען, וואָס גאָט האָט געטאָן צו די דאָזיקע אַלע פעלקער פון אייערטוועגן, ווייל

גאָט, אייער גאָט, האָט מִלחָמה געהאַלטן פאַר אייך. און איך האָב אייך צעטיילט דאָס לאַנד, לויט אַ גוֹרל, צווישן אייערע שבָטים. איך האָב צעטיילט די נַחלה פון די געבליבענע, פון די ניט פאַרטריבענע פעלקער און די נַחלה פון די פעלקער, וואָס איך האָב באַזיגט פון יַרדן ביז דעם יַם הַגָדוֹל אין מַערב. און די פאַרבליבענע, ניט באַזיגטע פעלקער, וועט גאָט אויך אַרויסשטויסן און איר וועט זיי פאַרטרייבן און איר וועט יַרשענען זייער לאַנד, ווי גאָט האָט אייך צוגעזאָגט."

„דערפאַר זאָלט איר זיך שטאַרקן און אָפּהיטן און טאָן אַלץ, וואָס עס שטייט געשריבן אין תּוֹרת־מֹשֶה. איר זאָלט זיך ניט אָפּקערן רעכטס אָדער לינקס. איר זאָלט זיך ניט דערנענטערן צו די פעלקער וואָס זיינען געבליבן צווישן אייך. דעם נאָמען פון זייערע געטער זאָלט איר ניט דערמאָנען און איר זאָלט ניט שווערן ביי זיי, ניט דינען זיי און ניט בוקן זיך צו זיי. נאָר בלויז אין גאָט, אייער גאָט, זאָלט איר זיך באַהעפטן, אַזוי ווי איר האָט געטאָן ביזן היינטיקן טאָג, וואָס דערפאַר האָט גאָט פאַרטריבן פאַר אייך די גרויסע און מעכטיקע פעלקער. קיינער האָט זיך ניט געקענט שטעלן קעגן אייך ביזן היינטיקן טאָג. איין מאַן פון אייך האָט נאָכגעיאָגט טויזנט, ווייל גאָט, אייער גאָט, האָט מִלחָמה געהאַלטן פאַר אייך, ווי ער האָט אייך צוגעזאָגט. דערפאַר זאָלט איר זיך היטן ליב צו האָבן גאָט, אייער גאָט."

„אויב אָפּקערן וועט איר זיך אָפּקערן פון גאָט און איר וועט זיך באַהעפטן אין דעם רעשטל פון די דאָזיקע פעלקער און איר וועט זיך מְחַתּן זיין מיט זיי, און איר וועט קומען צווישן זיי און זיי צווישן אייך – איז וויסן זאָלט איר וויסן, אַז גאָט, אייער

גאָט, וועט מער ניט פאַרטרייבן די דאָזיקע פעלקער פאַר אייך. און זיי וועלן זיין פאַר אייך אַ נעץ און אַ שטרויכלונג און אַ רוט צו באַשטראָפן און דערנער אין אייערע אויגן, ביז איר וועט פאַרשווינדן פון דער דאָזיקער גוטער ערד, וואָס גאָט האָט אייך געגעבן. די טעג וועל איך אַוועק מיטן וועג פון אַלע וואָס זיינען אויף דער ערד — דאַרפט איר וויסן מיטן גאַנצן האַרץ און מיט דער גאַנצער נשמה, אַז קיין איין אייינציק וואָרט איז ניט אָפּ־געפאַלן פון די אַלע גוטע צוזאָגן וואָס גאָט, אייער גאָט, האָט אייך געהאַט צוגעזאָגט. אַלץ איז מקוים געוואָרן.״

## יִשׂרָאֵל באַנייַט דעם בונד מיט גאָט אין שְׁכֶם

און יְהוֹשוּעַ האָט פאַרזאַמלט אַלע שְׁבָטים קיין שְׁכֶם, און ער האָט גערופן די עלטסטע פון יִשׂרָאֵל און די הויפּטלייט, און די ריכטערס, און די אויפזעערס און זיי האָבן זיך געשטעלט פאַר דעם אָרוֹן פון גאָט. און יְהוֹשוּעַ האָט געזאָגט צום גאַנצן פאָלק:

„אַזוי האָט געזאָגט גאָט, דער גאָט פון יִשׂרָאֵל: אויף יענער זייט טייך זיינען געזעסן אייערע עלטערן פון אייביק אָן. תֶּרַח דער פאָטער פון אַבְרָהָמען און דער פאָטער פון נָחוֹרן — זיי האָבן געדינט פרעמדע געטער. און איך האָב גענומען אייער פאָטער אַבְרָהָמען פון יענער זייט טייך און איך האָב אים דורכ־געפירט גאַנץ כְּנַעַן און איך האָב אים געשטעלט פאַר אַ סך נִסיוֹנוֹת און דערנאָך האָב איך אים געגעבן יִצְחָקן. און איך האָב יִצְחָקן געגעבן יַעֲקֹבן און עֵשָׂון. און עֵשָׂון האָב איך געגעבן דעם

באַרג שֵׂעִיר פאַר אַ יְרוּשָׁה און יַעֲקֹב און זיינע קינדער האָבן געניִדערט קיין מִצרַיִם. און איך האָב געשיקט משֶׁהן און אַהרֹנען און איך האָב געפּלאָגט מִצרַיִם, ווי איר האָט געזען, וואָס איך האָב געטאָן צו זיי, און דערנאָך האָב איך זיי אַרויסגעצויגן. און זיי זיינען געקומען צום יַם. און די מִצרִים האָבן נאָכגעיאָגט אייערע עלטערן מיט רייטוועגן און רייטער ביזן יַם־סוּף – און זיי האָבן געשריען צו גאָט און ער האָט געמאַכט אַ פינצטערניש צווישן זיי און די מִצרִים און ער האָט געבראַכט אויף זיי דעם יַם און ער האָט זיי צוגעדעקט. און אייערע אויגן האָבן געזען, וואָס איך האָב געטאָן מיט מִצרַיִם. און איר זייט געבליבן אין מִדבָּר פיל טעג. און איך האָב אייך געבראַכט אין לאַנד פון אֱמוֹרי, וואָס זיצט אויף יענער זייט יַרדן, און זיי האָבן מִלחָמה געהאַלטן מיט אייך, און איך האָב זיי איבערגעגעבן אין אייער האַנט און איר האָט פאַרנומען זייער לאַנד.

„און איר זייט אַריבערגעגאַנגען דעם יַרדן און איר זייט צו־געקומען צו יְריחוֹ. און עס האָבן מִלחָמה געהאַלטן מיט אייך די מענער פון יְריחוֹ און דער אֱמוֹרי, דער פּרִיזי, דער כּנַעֲני, דער חִתּי, דער גִרגָשִׁי, דער חִוִי און דער יְבוּסי. און איך האָב איבערגעגעבן די זיבן פעלקער אין אייער האַנט.

„און אַצינד האָט מוֹרא פאַר גאָט און דינט אים מיטן גאַנצן האַרצן און אויף אַן אֱמֶת. און אויב אייך געפעלט ניט צו דינען גאָט – קלייבט אייך אויס היינט וועמען איר ווילט דינען: אָדער די געטער וואָס אייערע עלטערן האָבן געדינט אויף יענער זייט טייך, אַניט די געטער פון דעם אֱמוֹרי, וואָס זיצט אין אייער לאַנד. אָבער איך און מיין הויזגעזינד וועלן דינען גאָט."

האָט געענטפערט דאָס פאָלק און האָט געזאָגט:

„חלילה, מיר וועלן ניט פאַרלאָזן גאָט, כּדי צו דינען פרעמדע געטער, ווייל גאָט איז אונדזער גאָט."

האָט יְהוֹשוּעַ געזאָגט צום פאָלק:

„איר וועט ניט קענען גרינג דינען גאָט, ווייל אַ הייליקער גאָט איז ער. אויב איר וועט אים פאַרלאָזן נאָכדעם ווי ער האָט אייך גוטס געטאָן און איר וועט דינען פרעמדע געטער, וועט ער זיך אָפּקערן פון אייך, און ער וועט אייך שלעכטס טאָן."

האָט דאָס פאָלק געזאָגט צו יְהוֹשוּעַן:

„ניין, נאָר גאָט וועלן מיר דינען."

האָט יְהוֹשוּעַ געענטפערט און געזאָגט:

„איר זייט עֵדות קעגן זיך אַליין, אַז איר האָט אויסגעקליבן צו דינען גאָט."

און זיי האָבן געזאָגט:

„מיר זיינען עֵדות."

און יְהוֹשוּעַ האָט געשלאָסן אַ בונד מיטן פאָלק אין יענעם טאָג און ער האָט זיי פאַרטייטשט די געבאָטן און די געזעצן פון דער תּורה, דאָרטן אין שכם. און ער האָט גענומען אַ גרויסן שטיין און האָט אים דאָרט אַוועקגעשטעלט אונטערן אייכנבוים, וואָס איז געשטאַנען לעבן הייליקטום פון גאָט. און יְהוֹשוּעַ האָט געזאָגט צום גאַנצן פאָלק:

„אָט דער דאָזיקער שטיין זאָל זיין אַן עֵדות קעגן אייך, אויב איר וועט פאַרלייקענען אייער גאָט." און יְהוֹשוּעַ האָט פונאַנדערגעשיקט דאָס פאָלק — איטלעכן צו זיין נחלה.

## יְהוֹשוּעַס טויט

און עס איז געווען נאָך די אַלע געשעענישן איז געשטאָרבן יְהוֹשוּעַ דער זון פון נון אין עלטער פון הונדערט און צען יאָר, און מען האָט אים מקַבֵּר געווען אין זיין נַחלה אין תִּמנַת־סֶרַח, וואָס איז אין באַרגלאַנד פון אֶפרַיִם.

און יִשׂרָאֵל האָט געדינט גאָט די גאַנצע צייט, וואָס יְהוֹשוּעַ האָט געלעבט און די גאַנצע צייט, וואָס די זְקֵנים האָבן לאַנג גע־לעבט נאָך יְהוֹשוּעַן.

## די ביינער פון יוֹסֶפן

און די ביינער פון יוֹסֶפן, וואָס די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל האָבן אַרויס־געבראַכט פון מִצרַיִם האָבן זיי מקַבֵּר געווען אין שְׁכֶם, אויף דעם שטיק פעלד, וואָס יַעֲקֹב האָט געקויפט פון די קינדער פון חֲמוֹר, דעם פאָטער פון שְׁכֶם, פאַר הונדערט קשִׂיטָה.

און אֶלעָזָר, דער זון פון אַהרֹנען, איז געשטאָרבן און מען האָט אים מקַבֵּר געווען אין גִבעַת־פִּינחָס, אין דעם באַרגלאַנד פון אֶפרַיִם.

# יְהוֹשֻׁעַ

כָּל מָקוֹם, אֲשֶׁר תִּדְרֹךְ כַּף רַגְלְכֶם בּוֹ, לָכֶם נְתַתִּיו.

אַל תָּסוּר מִמֶּנּוּ יָמִין וּשְׂמֹאל.

חֲזַק וֶאֱמָץ, אַל תַּעֲרֹץ וְאַל תֵּחָת.

וַנִּשְׁמַע וַיִּמַּס לְבָבֵנוּ וְלֹא קָמָה עוֹד רוּחַ בְּאִישׁ מִפְּנֵיכֶם,
כִּי יְהוָֹה אֱלֹהֵיכֶם הוּא אֱלֹהִים בַּשָּׁמַיִם מִמַּעַל וְעַל הָאָרֶץ מִתָּחַת.

וְהָיָה כֹּל אֲשֶׁר יֵצֵא מִדַּלְתֵי בֵיתֵךְ הַחוּצָה, דָמוֹ בְרֹאשׁוֹ
וַאֲנַחְנוּ נְקִיִּם.

וַיֹּאמֶר יְהוֹשֻׁעַ אֶל הָעָם הִתְקַדָּשׁוּ,
כִּי מָחָר יַעֲשֶׂה יְהוָֹה בְּקִרְבְּכֶם נִפְלָאוֹת.

וַיֹּאמֶר אֶל בְּנֵי יִשְׂרָאֵל לֵאמֹר, אֲשֶׁר יִשְׁאָלוּן בְּנֵיכֶם מָחָר
אֶת אֲבוֹתָם לֵאמֹר: מָה הָאֲבָנִים הָאֵלֶּה?

וַיֹּאמֶר יְהוָֹה אֶל יְהוֹשֻׁעַ הַיּוֹם גַּלּוֹתִי אֶת חֶרְפַּת מִצְרַיִם מֵעֲלֵיכֶם.

וַיֹּאמֶר לוֹ: הֲלָנוּ אַתָּה אִם לְצָרֵינוּ?

שַׁל נַעַלְךָ מֵעַל רַגְלֶךָ,
כִּי הַמָּקוֹם אֲשֶׁר אַתָּה עֹמֵד עָלָיו קֹדֶשׁ הוּא.

וִירִיחוֹ סֹגֶרֶת וּמְסֻגֶּרֶת מִפְּנֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל, אֵין יוֹצֵא וְאֵין בָּא.

וַיַּשְׁבַּע יְהוֹשֻׁעַ בָּעֵת הַהִיא לֵאמֹר:
אָרוּר הָאִישׁ לִפְנֵי יְהוָה אֲשֶׁר יָקוּם וּבָנָה אֶת הָעִיר הַזֹּאת,
אֶת יְרִיחוֹ, בִּבְכֹרוֹ יְיַסְּדֶנָּה וּבִצְעִירוֹ יַצִּיב דְּלָתֶיהָ.

וַיֹּאמֶר יְהוֹשֻׁעַ מֶה עֲכַרְתָּנוּ, יַעְכָּרְךָ יְהוָה בַּיּוֹם הַזֶּה.

וַיִּהְיוּ חֹטְבֵי עֵצִים וְשֹׁאֲבֵי מַיִם לְכָל הָעֵדָה.

שֶׁמֶשׁ בְּגִבְעוֹן דֹּם, וְיָרֵחַ בְּעֵמֶק אַיָּלוֹן.

וַיִּדֹּם הַשֶּׁמֶשׁ וְיָרֵחַ עָמַד, עַד יִקֹּם גּוֹי אֹיְבָיו.

וְאִם לֹא מִדְּאָגָה מִדָּבָר עָשִׂינוּ אֶת זֹאת לֵאמֹר:
מָחָר יֹאמְרוּ בְנֵיכֶם לְבָנֵינוּ לֵאמֹר:
מַה לָּכֶם וְלַיהוָה אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל?

לֹא בְחַרְבְּךָ וְלֹא בְקַשְׁתֶּךָ.

וַיֹּאמֶר יְהוֹשֻׁעַ אֶל הָעָם: עֵדִים אַתֶּם בָּכֶם
כִּי אַתֶּם בְּחַרְתֶּם לָכֶם אֶת יְהוָה לַעֲבֹד אוֹתוֹ.
וַיֹּאמְרוּ: עֵדִים.

# וועגן ספר יהושוע

דער ספר יהושוע, וואָס איז אַ המשך צום ספר דברים, דערציילט די געשיכטע פון כבוש כנען, פון דער צעטיילונג פון לאַנד צווישן די שבטים און פון יהושועס לעצטע יאָרן. אַ העלפט פון דעם ספר איז פאַרנומען מיט כבוש כנען, ווי עס איז פאָרגעקומען, אָדער ווי עס האָט געזאָלט פאָרקומען לויט דעם צוזאַמענשטעלער פון ספר יהושוע.

ווען אַ פאָלק לאָזט זיך אָוועק איינצונעמען אַ לאַנד כדי עס צו באַזעצן, זיינען די מלחמות גרויזאַמע און בלוטיקע. ס'איז קלאָר, אַז דער צוזאַמענ־שטעלער פון יהושוע האָט ניט שטאַרק געהאַלטן פון דער צאָל מחנות און פון דער ווירקונג פון בעסערער באַוואָפּענונג (אייזערנע רייטוועגן). דאָך האָט ער געהאַט געווּנג היסטאָרישן חוש ניט צו פאַרלייקענען דעם מאָראַלישן ניוואָ פון דער צייט פון דער געשעעניש. ער איז ניט באַגאַנגען דעם טעות פון אַ סך מאָדערנע שרייבער, וואָס היטן זיך ניט אויס פון אַנאַכראָניזמען, ווען זיי שרייבן וועגן פאַרגאַנגענע תקופות און ער האָט איבערגעלאָזן די אַלע גרויזאַמקייטן.

דורות יידישע קינדער האָבן געלערנט ספר יהושוע און גאָר ניט באַמערקט קיין גרויזאַמקייטן. מיר, אין חדר, האָבן אַרויסגענומען פאַר זיך בלויז די קדושה פון ספר. עס איז אונדז אפילו ניט איינגעפאַלן, אַז דער ספר יהושוע באַרעכטיקט מלחמה. פאַר אונדז איז יהושוע געווען אַ פרומער ייד, און אַזאַ ייד וועט דאָך ניט פירן קיין מלחמות ווי אַ יוון. גאָט האָט געפירט אַלע מלחמות. בלוט־פאַרגיסונג אין ספר יהושוע איז געווען פאַר אונדז אַ פאַנטאַסטיש מעשהלע, וואָס האָט ניט צו טאָן מיטן רעאַלן לעבן.

אין חדר האָבן מיר געשאַפן אונדזער אייגענעם טיף־עטישן מוסר־השכל פון די גרויזאַמע מעשות. מיר האָבן איגנאָרירט יהושועס שווערדן און שפּיזן און זעלנער. ביי אונדז האָבן די אַלע זאַכן ניט געשפּילט קיין ראָלע. דאָס יידישע קינד איז געווען אַזוי באַפּאַנצערט מיט יידיש־עטישע באַגריפן, אַז דעם קליינעם יידעלעס מוח איז געווען ווי אַ זיפּ, וואָס לאָזט דורך בלויז דאָס ריינסטע זעמלמעל און די גראָבע פּסולת בלייבט אויס.

אָבער אונדזערע קינדער לעבן מיט די היינטיקע באַגריפן פון וועלט־יושר, וואו טומאה און קדושה זיינען אַזוי געמישט, אַז מען קען ניט וויסן וואו די טומאה לאָזט זיך אויס און וואו די קדושה הייבט זיך אָן. ביי אונדזערע קינדער איז מלחמה ניט עפּעס אַ פרעמדע זאַך, אַן אומגליק אַרויפגעצוואונגען אויף דער וועלט פון די גויאים. שלאָגן זיך איז ביי אונדזערע קינדער אַ פאַר־שטענדלעכע זאַך און באַשיצן דעם כבוד פון אַ מענטשן מיינט אַרויסווייזן

פיזישע גבורה, פיזישן ווידערשטאַנד. דערפאַר ווען אַ סך מעשות פון ספר יהושוע זיין פאַר זיי אַן אַפּלייקענונג פון אָנגענומענע סטאַנדאַרדן פון ציוויליזאַציע. אונדזערע קינדער וועלן ניט נאָר באַמערקן די גרויזאַמע און גרויליקע מעשים פון יהושועס דור, נאָר די סכנה איז, אַז זיי וועלן אָננעמען די גרויזאַמקייט ווי דעם עיקר פון ספר און עס אַרויסשטעלן ווי אַ מוסטער פון יידישקייט.

דאָך קאָן אַ יידישע שול ניט אויסלאָזן דעם ספר יהושוע פון זיין קוריקולום. ערשטנס, וואָלט עס געווען אַ בלויז אין לימוד פון יידישער געשיכטע און צווייטנס, וואָלט אויסגעלאָזן געוואָרן איינער פון די הויפּט־עלעמענטן אין יידישן וועלט־באַנעם — די פאַרווירקלעכונג פון בונד צווישן גאָט און ישראל. דערפאַר מוז מען לערנען דעם ספר יהושוע מיט אונדזערע קינדער; מען דאַרף נאָר צופּאַסן דעם טעקסט ספּעציעל פאַר זיי.

איך האָב באַטאָנט די עטישע עלעמענטן פון ספר יהושוע און אויסגעלאָזן בכיוון אַלע שטעלן פון גרויזאַמקייט, ווייל איך מיין, אַז דאָס זיינען ניט מער ווי צייט־צינזן. און מיר דאַרפן געדענקען, אַז ניט די בשותפותדיקייט פון יידן מיט אַלע אַנדערע פעלקער איז וויכטיק אין יידישער היסטאָריאָזאָפיע נאָר די אַנדערשקייט. דערפאַר טאַקע האָב איך ניט נאָר אויסגעמיטן די שוידערלעכע איינצלהייטן פון די שלאַכטן און זיגן, נאָר איך האָב בכלל אויסגעלאָזן די מלחמות, וואו איך האָב נאָר געקענט. בלויז דריי שלאַכטן האָב איך אַריינגענומען: די מלחמות מיט יריחו, מיט עי און מיט די פינף מלכים, וואָס זיינען אָנגעפאַלן אויף די גבעונים. די דריי שלאַכטן קאָנען ניט שאַקירן מיט זייערע גרויזאַמקייטן, ווייל דער טראָפּ ווערט געשטעלט ניט בלויז אויף מיליטערישער מאַכט. יריחו איז געפאַלן אויף ניט קיין נאַטירלעכן אופן. דאָס איינפאַלן פון די מויערן פון יריחו איז געוואָרן אַ טייל פון וועלט־פאָלקלאָר. עס איז גענומען געוואָרן מיט חכמה, און די שלאַכט מיט די פינף מלכים האָבן ניט די יידן אָנגעהויבן, גאָט האָט זיך דירעקט אַריינגעמישט אין דער שלאַכט און געהאָגלט מיט שטיינער אויף די אָנפאַלער. די איבעריקע מלחמות האָב איך סומירט אין עטלעכע שורות.

דאָך האָב איך איבערגעלאָזן עטלעכע קאַפּיטלעך, וואָס אויבנאויף, קען דער לערער מיינען, אַז זיי זיינען ניט פּאַסיק פאַר אונדזערע קינדער. אָבער באמת וועט דער לערער ניט האָבן קיין שוועריקייטן מיט די טעקסטן, ווען ער וועט אין זיי זינען האָבן די גרונט־פּרינציפּן, וואָס די צוזאַמענשטעלערס פון די היסטאָרישע ביכער פון תנ״ך האָבן געהאַט.

איך האָב דערפאַר איבערגעלאָזן אַלע שטעלן אין יהושוע וואו עס ווערן אונטערגעשטראָכן שכר ועונש. די מעשה פון עכנען האָב איך איבערגעלאָזט. מיר לערנען נביאים ראשונים מיט קינדער איבער צען יאָר אַלט. מיט קינדער

פון דעם עלטער קאָן מען פירן גאַנץ ערנסטע שמועסן. מיט אַ קליינעם אויסטייטש קאָן מען דערקלערן די מעשה פון חרם: עס זיינען דאָ הייליקייטן אין לעבן, וואָס טאָרן ניט אָנגערירט ווערן. ווען הייליקייטן ווערן פאַרשוועכט קומט אַ שטראָף.

איך האָב איבערגעלאָזן אַלע שטעלן וואו עס ווערט אָנגעזאָגט, אַז אויב מען וועט זיך אָפּקערן פון גאָט וועט אַן אומגליק קומען אויפן פאָלק. זאָל זיך דער תלמיד באַקענען מער און מער מיטן געדאַנק, אַז עס זיינען דאָ עבירות און מצוות אין לעבן. אַ רעכטפאַרטיק לעבן ברענגט גליק און אַ זינדיק לעבן ברענגט אומגליק.

דער גרונט־געדאַנק פון יידישער אויסדערוויילטקייט איז אויך פרעמדלעך אונדזערע קינדער. דער טיפערער זינען פון אתה־בחרתנו־געדאַנק מוז באַ־טאָנט ווערן ווידער און ווידער אין די קלאַסן. אונדזערע קינדער דאַרפן אין זיך איינזאַפּן דאָס געפיל, אַז צו זיין אַ ייד מיינט ניט גלאַט צופעליק געבאָרן ווערן פון יידישע טאַטע־מאַמע און זיין דער יורש פון אַן אומגליק־לעכער ירושה. צו זיין אַ ייד מיינט אויסצופילן אַ באַשטימטע פונקציע אין דער וועלט־געשיכטע. גאַנץ ספר יהושוע (ווי דער גאַנצער תנ״ך) איז פול מיט אָט דעם געדאַנק. יידן קומען ניט צופעליק קיין כנען; יידן קומען ניט גלאַט איינצונעמען פעלקער און צו באַזיגן לענדער. ס׳איז דאָ אַ באַ־שטימטער צוועק אין זייער אָנפאַל אויף כנען. זייערע נצחונות זיינען זיי אויך מחייב צו לעבן אַ רעכטפאַרטיק לעבן. ס׳איז ניטאָ קיין זכר אין גאַנץ יהושוע פון אימפּעריאַליסטישע אַמביציעס און פון גרויסן זיך מיט גבורה פון די מחנות זעלנער. אַלץ קומט פון גאָטס האַנט, כדי צו פאַרווירקלעכן אַן ערלעך, שיין און רעכטפאַרטיק לעבן.

און נאָך אַ דריטער וויכטיקער פּרינציפּ פון יידיש לעבן איז באַטאָנט אין יהושוע — יידישקייט איז געשיכטלעך אַ פרייער אויסוואַל פאַר יידן. ס׳איז דאָ אַ בונד צווישן גאָט און דעם יידישן פאָלק. דערפאַר דאַרף מען באַטאָנען די מעשה מיט אויפשטעלן די צוועלף שטיינער נאָך דעם אַריבערגיין דעם ירדן, דאָס אויפשטעלן דעם מזבח לעבן הר עיבל, יהושועס שטראָף־רייד און די פאָלקס־פאַרזאַמלונג אין שכם.

ווען דער לערער וועט אין זינען האָבן די דריי יידישע באַגריפן: א) שכר און עונש, ב) יידישע אויסדערוויילטקייט, ג) פרייער אויסוואַל פון יידישקייט, דערצו נאָך אין אַ בונד צווישן גאָט און פאָלק — וועט דאָס לערנען דעם ספר ווערן זיכער אָנרעגנדיק.

פאַראַן אַ סך יידישע פּאָזיטיווע עלעמענטן אין ספר וואָס דער לערער קאָן באַטאָנען; דאָס אָפּהיטן אַן אָפּמאַך, אַפילו ווען דער אָפּמאַך איז גע־מאַכט געוואָרן ניט אָן אָפּנאַרעריי (דער גבעונים־אָפּמאַך); דאָס שטעלן זיך

קעגן דער מערהייט, ווען מען איז ביי זיך זיכער אַז מען איז גערעכט, למשל, יהושועס רייד צום פאָלק אין שכם:

„אויב איך געפעלט ניט צו דינען יהוה, קלייבט אייך אויס וועמען אירווילט דינען: די געטער וואָס אייערע עלטערן האָבן געדינט אויף יענער זייט טייך אָדער די געטער פון אמורי צווישן וועמען איר וואוינט אין לאַנד. אָבער איך און מיין משפחה וועלן דינען יהוה".

נאָך פּאָזיטיווע עלעמענטן זיינען: דאָס אויפהאַלטן דעם גייסטיקן ניוואָ אַפילו אין דער צייט פון אַ מלחמה; דאָס פייערן דעם קרבן פּסח, דאָס בויען אַ מזבח בעת שלאַכטן; דאָס אָפּהיטן היסטאָרישע געשעענישן — דאָס שטעלן די שטיינער־מצבות נאָכן איבערגיין דעם ירדן; דאָס פאַרשרייבן וועגן שליסן דעם בונד אין שכם אין אַ ספּעציעלן ספר און אַוועקלייגן דאָס ספר לעבן דער ספר תורה; האַלטן אַ צוזאָג — די מרגלים און רחב; דאָס ברענגען יוספס ביינער.

דער אויפמערקזאַמער לערער קאָן געפינען צענדליקער שטעלן, וואָס ווייזן אָן אויף עטישע ווערטן, למשל, דאָס צעטיילן דאָס לאַנד על פּי גורל, די ערי מקלט און די הילף, וואָס די צוויי און א האַלב שבטים האָבן געגעבן די אַנדערע שבטים און נאָך און נאָך. לערנען בלויז טעקסט פון וועלכן ס'איז בוך איז דער נודנעסטער לימוד אין אַ קלאַס. אַ לערער איז מחויב לעבעדיק צו מאַכן טויטע אותיות. ספר יהושוע איז אַ לעבעדיק בוך, אַ דענקמאָל־בוך, וואָס פאָדערט ניט קיין סך אָנשטרענגונג פון לערער צו מאַכן דאָס לערנען אינטערעסאַנט און פאַרכאַפּנדיק.

# שופטים

## דער נייער דור פאַרגעסט גאָט

און יְהוֹשֻׁעַ, דער זון פון נון, דער קנעכט פון גאָט, איז גע־שטאָרבן. און אויך יענער גאַנצער דור איז אויסגעשטאָרבן און אַן אַנדער דור איז אויפגעשטאַנען נאָך זיי, אַ דור וואָס האָט ניט געקאָנט גאָט און ניט געוואוסט פון זיינע טואונגען, וואָס ער האָט געטאָן פאַר יִשְׂרָאֵל. און זיי האָבן פאַרלאָזן דעם גאָט פון זייערע עלטערן, וואָס האָט זיי אַרויסגענומען פון לאַנד מִצְרַיִם, און זיי האָבן געדינט פרעמדע געטער, די געטער פון די פעלקער וואָס זיינען געווען אַרום זיי. זיי האָבן זיך געבוקט צו זיי און האָבן דערצאָרנט גאָט. האָט דער צאָרן פון גאָט געברענט אויף זיי און ער האָט זיי איבערגעגעבן אין דער האַנט פון זייערע שׂוֹנאים. און זיי האָבן זיך ניט געקענט שטעלן קעגן זייערע פיינד.

און עס איז זיי געוואָרן זייער שלעכט. און גאָט האָט אויפ־געשטעלט שׁוֹפטים, וואָס האָבן געהאָלפן יִשְׂרָאֵל פון דער האַנט פון זייערע רויבער. און גאָט פלעגט זיין מיט דעם שׁוֹפֵט און העלפן יִשְׂרָאֵל די גאַנצע צייט, וואָס דער שׁוֹפֵט האָט געלעבט, ווייל גאָט האָט רַחֲמָנוּת געהאַט אויף זיי, ווען ער האָט דערהערט זייער געשריי פון אונטער די באַדריקערס און באַצווינגערס. אָבער ווען דער שׁוֹפֵט איז געשטאָרבן האָבן זיי ווידער געדינט פרעמדע געטער און געבוקט זיך צו זיי, ניט פאַרלאָזט זייערע מיאוסע מַעֲשׂים און זייער שלעכטן וועג.

און גאָטס צאָרן האָט געברענט אויף יִשׂרָאֵל און ער האָט געזאָגט:

„ווייל דאָס דאָזיקע פאָלק האָט איבערגעטראָטן מיין בונד, וואָס איך האָב געשלאָסן מיט זייערע עלטערן, און האָבן זיך מער ניט צוגעהערט צו מיין קול, וועל איך מער ניט פאַרטרייבן פאַר זיי קיינעם פון די פעלקער, וואָס יְהוֹשֻׁעַ האָט איבער־געלאָזט, ווען ער איז געשטאָרבן."

## דער שופט עָתְנִיאֵל

און די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל זיינען געזעסן צווישן דעם כְּנַעֲנִי, דעם חִתִּי, דעם אֱמוֹרִי, דעם פְּרִזִּי, דעם חִוִּי און דעם יְבוּסִי. און זיי האָבן זיך גענומען זייערע טעכטער פאַר ווייבער, און זייערע טעכטער האָבן זיי געגעבן צו די זין פון די פעלקער. און זיי האָבן געדינט זייערע געטער. און זיי האָבן פאַרגעסן אין גאָט, זייער גאָט, און זיי האָבן געדינט די בְּעָלִים און די אֲשֵׁרוֹת. און דער צאָרן פון גאָט האָט געברענט אויף די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל, און ער האָט זיי איבערגעגעבן אין דער האַנט פון כּוּשַׁן־רִשְׁעָתַיִם, דעם מֶלֶך פון אֲרַם נַהֲרַיִם. און די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל האָבן געדינט כּוּשַׁן־רִשְׁעָתַיִם אַכט יאָר.

און די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל האָבן געשריען צו גאָט. און גאָט האָט אויפגעשטעלט פאַר די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל אַ העלפער, וואָס האָט זיי געהאָלפן — עָתְנִיאֵל דעם זון פון קְנַז. און דער גייסט פון גאָט איז געווען אויף אים און ער איז אַרויס אין מִלְחָמָה; און גאָט האָט איבערגעגעבן אין זיין האַנט כּוּשַׁן־רִשְׁעָתַיִם, דעם מֶלֶך פון

אַרַם. און עָתנִיאֵל האָט געמִשפּט יִשׂרָאֵל. און דאָס לאַנד איז געבליבן רואיק פערציק יאָר.

## דער שופֵט אֵהוּד

און דער שופֵט עָתנִיאֵל איז געשטאָרבן און די בנֵי־יִשׂרָאֵל האָבן ווידער געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט. און גאָט האָט געשטאַרקט עֶגלוֹן דעם מֶלֶך פון מואָב איבער יִשׂרָאֵל. און ער האָט איינגעזאַמלט אַרום זיך די קינדער פון עַמוֹן און עֲמָלֵק און זיי זיינען געגאַנגען און צעשלאָגן יִשׂרָאֵל און זיי האָבן פאַרנומען די שטאָט פון טייטלביימער. און די בנֵי־יִשׂרָאֵל האָבן געדינט עֶגלוֹן דעם מֶלֶך פון מואָב אַכצן יאָר.

און די בנֵי־יִשׂרָאֵל האָבן געשריען צו גאָט, און גאָט האָט זיי אויפגעשטעלט אַ העלפער, אֵהוּד דעם זון פון גֵרָאן פון שֵבֶט בִנְיָמִין, וואָס האָט פאַרבונדן זיין רעכטע האַנט.

און די בנֵי־יִשׂרָאֵל האָבן געשיקט דורך אים אַ מַתָּנָה צו עֶגלוֹן, דעם מֶלֶך פון מואָב. און אֵהוּד האָט זיך געמאַכט אַ שווערד וואָס האָט געהאַט צוויי שאַרפן, איין שפאַן די לענג, און ער האָט זי אָנגעגורט אויף דער רעכטער זייט, אונטער זיינע קליידער.

און ער האָט געבראַכט די מַתָּנָה צו עֶגלוֹן דעם מֶלֶך פון מואָב. און עֶגלוֹן איז געווען זייער אַ פעטער. און עס איז געווען נאָכדעם ווי ער האָט איבערגעגעבן די מַתָּנָה האָט אֵהוּד אַרויס־באַגלייט די מענטשן, וואָס האָבן געטראָגן די מַתָּנָה, און ער אַליין

האָט זיך אומגעקערט פון די שטיין־האַקערייען, וואָס זיינען לעבן גלגל. און ער האָט געזאָגט:

„אַ סוד האָב איך פאַר דיר, מלך."

האָט דער מלך געזאָגט:

„גייט אַרויס!"

און אַלע, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום אים זיינען אַרויס־געגאַנגען.

און אֵהוד איז צו אים צוגעגאַנגען ווי ער איז געזעסן אַליין אין דער קילער אייבערשטוב און האָט געזאָגט:

„אַ וואָרט פון גאָט האָב איך צו דיר, מלך."

און עגלון איז אויפגעשטאַנען פון זיין שטול, און אֵהוד האָט אויסגעשטרעקט די לינקע האַנט און אַרויסגעצויגן די שווערד פון דער רעכטער זייט און האָט זי אַריינגעשטאָכן אין עגלונס בויך.

און אֵהוד איז אַרויסגעגאַנגען אין פירהויז און האָט צוגע־מאַכט די טירן פון דער אייבערשטוב און זיי צוגעשלאָסן. און ווי ער איז אַרויסגעגאַנגען, אַזוי זיינען אָנגעקומען עגלונס קנעכט און זיי האָבן דערזען — די טירן פון דער אייבערשטוב זיינען פאַרשלאָסן, האָבן זיי געזאָגט:

„מסתּמא שמירט ער זיינע פיס מיט בוימל אין קילצימער."

אָבער זיי האָבן לאַנג געוואַרט און ער האָט ניט געעפנט די טירן פון אייבערשטוב, האָבן זיי גענומען דעם שליסל און האָבן געעפנט די טיר — אָט ליגט זייער האַר אויף דער ערד אַ טויטער!

און בעת זיי האָבן געוואַרט, איז אֵהוּד אַנטלאָפן און ער איז אַריבער די שטיין־האַקערייען און איז אַנטרונען אין א געדיכט וועלדל. און ווען ער איז אָנגעקומען אין באַרגלאַנד פון אֶפְרַיִם, האָט ער געבלאָזן אין אַ שוֹפָר, און די בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל האָבן אַראָפּ־גענידערט מיט אים און ער איז געגאַנגען פאָרויס. און ער האָט צו זיי געזאָגט:

„לויפט מיר נאָך, ווייל גאָט האָט איבערגעגעבן אייער פיינד מוֹאָב אין אייער האַנט."

און זיי זיינען אים נאָכגעגאַנגען, און זיי האָבן פאַרכאַפּט די איבערפאָרן פון יַרדן און קיינעם ניט געלאָזט אַריבערפאָרן.

און זיי האָבן צעשלאָגן מוֹאָבן. אין יענעם טאָג איז מוֹאָב געוואָרן אונטערטעניק צו יִשְׂרָאֵל. און דאָס לאַנד איז געווען רואיק אַכציק יאָר.

## שַׁמגַר דער זון פון עֲנָת

און נאָך אים איז געווען שַׁמגַר דער זון פון עֲנָת, ער האָט צעשלאָגן זעקס הונדערט מאַן פון די פְּלִשְׁתִּים מיט אַן אָקסן־שטעקן. ער האָט אויך געהאָלפן יִשְׂרָאֵל.

## בָּרָק און דבוֹרה הַנבִיאָה

און אֵהוּד איז געשטאָרבן און די בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל האָבן ווידער געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט. און גאָט האָט זיי איבערגעגעבן אין דער האַנט פון יָבִין, דעם מֶלֶך פון כּנַעַן, וואָס האָט געקיניגט אין חָצוֹר. און דער פירער פון זיין חַיִל איז גע־

ווען סיסרָא. און די בני־ישׂראל האָבן געשריען צו גאָט, ווייל ניין הונדערט אייזערנע רייטוועגן האָט סיסרָא געהאַט און ער האָט שטאַרק געדריקט די בני־ישׂראל גאַנצע צוואַנציק יאָר.

און דבוֹרה, אַ פרוי אַ נביאָה, די ווייב פון לַפּידוֹתן, האָט געמִשפּט ישׂראל אין יענער צייט. און זי איז געזעסן אין באַרג־לאַנד פון אֶפרַיִם, אונטער אַ טייטלבוים, וואָס מען האָט גערופן דבוֹרהס טייטלבוים. און די בני־ישׂראל פלעגן קומען צו איר מִשפּטן זיך.

און זי האָט געשיקט און האָט גערופן בָּרָק, דעם זון פון אַבי־נוֹעַם, פון קֶדֶש־נַפתָּלִי, און האָט געזאָגט צו אים:

„גאָט פון ישׂראל האָט באַפוילן: ‚גיי צו צום באַרג תָּבוֹר, און נעם מיט דיר צען טויזנט מאַן פון דעם שֵׁבֶט נַפתָּלִי און פון דעם שֵׁבֶט זבולון. און איך וועל צוציען צום טייך קישוֹן סיסרָאן, יָבינס חַיִל־פירער, מיט זיינע רייטוועגן און זיין מַחנֶה, און איך וועל אים איבערגעבן אין דיין האַנט.‘“

האָט בָּרָק געזאָגט צו איר:

„אויב דו וועסט גיין מיט מיר – וועל איך גיין, אויב אָבער דו וועסט ניט גיין מיט מיר – וועל איך ניט גיין.“

האָט זי געזאָגט:

„גוט, גיין וועל איך גיין מיט דיר. אָבער קיין כָּבוֹד וועט דיר ניט צוגעבן דער וועג אויף וועלכן דו גייסט, ווייל מען וועט זאָגן: ‚אין דער האַנט פון אַ פרוי האָט גאָט איבערגעגעבן סיסרָאן.‘“

און דבוֹרה איז אויפגעשטאַנען און געגאַנגען מיט בָּרָקן קיין

קֶדֶש. און בָּרָק האָט צונויפגערופן די שְבָטים זבולון און נַפתָּלי קיין קֶדֶש. און צען טויזנט מאַן זיינען אַרויסגעקומען צו אים.

האָט מען אָנגעזאָגט סיסרָאן, אַז בָּרָק איז אַרויף אויפן באַרג תָּבוֹר מִלחָמה צו האַלטן מיט אים. האָט ער צונויפגעזאַמלט אַלע זיינע ניין הונדערט אייזערנע רייטוועגן און דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס איז מיט אים געווען אין חֲרוֹשֶת־גוֹיִם, און איז אַוועק צום טייך קישון.

און דבוֹרה האָט געזאָגט צו בָּרָקן:

„שטיי אויף, ווייל דאָס איז דער טאָג, ווען גאָט האָט איבער־געגעבן סיסרָאן אין דיין האַנט."

און בָּרָק האָט אַראָפּגענידערט פון באַרג תָּבוֹר און די צען טויזנט מאַן נאָך אים. און גאָט האָט פאַרטומלט סיסרָאן און אַלע רייטוועגן און דעם גאַנצן חַיִל פאַר בָּרָקן. און סיסרָא איז אַראָפּ פון זיין רייטוואָגן און איז אַנטלאָפן צופוס. און בָּרָק האָט נאָכגעיאָגט די רייטוועגן און דעם חַיִל ביז חֲרוֹשֶת־גוֹיִם. און דער גאַנצער חַיִל פון סיסרָאן איז געפאַלן דורך דער שאַרף פון שווערד. עס איז קיין איינער ניט געבליבן.

און סיסרָא איז געלאָפן צופוס צום געצעלט פון יָעֵל, די ווייב פון חֶבֶר דעם קֵינִי. און יָעֵל איז אַרויסגעקומען אַנטקעגן סיסרָאן און האָט געזאָגט צו אים:

„קום אַריין, מיין האַר, קום אַריין צו מיר, זאָלסט קיין מוֹרא ניט האָבן."

איז ער אַריין צו איר אין געצעלט און זי האָט אים צוגע־דעקט מיט אַ דעקע. האָט ער געזאָגט צו איר:

„גיב מיר אַ טרונק וואַסער, ווייל איך בין דאָרשטיק."

האָט זי געעפנט דעם לאָגל מילך און האָט אים געגעבן אַ טרונק און האָט אים צוגעדעקט.

האָט ער געזאָגט:

„שטעל זיך אין אַריינגאַנג פון געצעלט, און אויב עמעצער וועט קומען און דיך פרעגן: איז דאָ ווער פאַראַן? זאָלסטו זאָגן: ‚נייך.‘"

און ער איז איינגעשלאָפן. און ווי ער איז איינגעשלאָפן, איז זי שטילערהייט צוגעגאַנגען צו אים און אים געטייט מיט אַ געצעלט־פּלעקל און אַ האַמער.

און בָרָק איז אָנגעקומען; ער האָט זיך געיאָגט נאָך סיסרָאן. און יָעֵל איז אים אַרויס אַנטקעגן און האָט געזאָגט צו אים:

„קום און איך וועל דיר ווייזן דעם מאַן, וואָס דו זוכסט."

און ער איז אַריין צו איר, ערשט סיסרָא ליגט טויט, מיט אַ געצעלט־פּלעקל אַריינגעשלאָגן אין שלייף.

אין יענעם טאָג האָט גאָט געמאַכט אונטערטעניק יָבין דעם מֶלֶך פון כּנַעַן פאַר די בנֵי־יִשׂרָאֵל.

## דאָס דבורה־ליד

האָט געזונגען דבורה און בָרָק אין יענעם טאָג אַזוי צו זאָגן:

ווען פירער פירן אין יִשׂרָאֵל
און ס'פאָלק גייט פרייוויליק —
לויבט גאָט!
הערט, מלָכים, פאַרנעמט, פירשטן:
צו גאָט וועל איך זינגען,

איך וועל שפּילן צו גאָט, דעם גאָט פון ישׂראל.
גאָט, ווען דו ביסט פון שׂעיר אַרויס,
ווען דו האָסט געשפּרייזט פון אֶדומס פעלד —
האָט די ערד געציטערט און הימלען האָבן געטריפט,
יאָ, וואָלקנס האָבן וואַסער געטריפט.

בערג זײַנען צערונען פאַר גאָט,
פאַר גאָט, דעם גאָט פון ישׂראל.
אין די טעג פון שַמגַר, דעם זון פון עֲנָת,
האָבן קאַראַוואַנען אויפגעהערט,
און די וועגגייערס פלעגן גיין אויף קרומע שטעגן.
ניט געווען מער קיין אָפענע שטעט אין ישׂראל,
ניט געווען.
ביז איך, דבורה, בין אויפגעשטאַנען,
בין אויפגעשטאַנען אַ מוטער אין ישׂראל.
האָט מען אויסגעקליבן נײַע געטער —
האָט מען געקעמפט אין די טויערן.
צי האָט מען געזען אַ שילד און אַ שפּיז
צווישן פערציק טויזנט אין ישׂראל!
מײַן האַרץ — מיט די פירער פון ישׂראל
און מיט די פון פאָלק וואָס גייען פרײַוויליק —
לויבט גאָט!
איר, וואָס רײַט אויף אײַזעלינס רויטלעכע,
איר, וואָס זיצט אויף טעפּעכער,
און איר, וואָס גייט צופוס אויף די וועגן,
דערציילט!

האָרך ווי מען פרייט זיך
ביי די שעפּברונעמער,
דאָרטן דערציילט מען גאָטס גרויסקייט,
זיין גערעכטיקייט צו די שטעט פון יִשׂרָאֵל.
גאָטס פאָלק האָט גענידערט צו די טויערן.
דערוואַך, דערוואַך, דבורה,
דערוואַך, דערוואַך און זינג אַ ליד!
שטיי אויף בָּרָק און פיר דיינע פאַנגער, זון פון אֲבִינוֹעַם!
טייל יִשׂרָאֵל איז אַרונטער, דאָס פאָלק פון גאָט איז
אַרונטער ווי די העלדן.
פון אֶפרַיִם זיינען געקומען די, וואָס וואָרצלען אין
עֲמָלֵק,
נאָך דיר בִּנְיָמִין מיט דיינע מַחנוֹת.
פון מָכִיר זיינען אַרונטער די פירערס,
און פון זבולון — די וואָס האַלטן דעם שרייבער־שטעקן.
און די האַרן פון יִשָׂשכָר — מיט דבורהן,
און יִשָׂשכָר איז ווי בָּרָק,
די פוסגייערס געשיקט אין טאָל.
אָבער ביי די מִשפָּחוֹת פון ראובן
איז גרויס די וואַקלעניש.
וואָס זשע זיצסטו צווישן די שאָף־געהעפטן,
צו הערן דאָס מעקען פון סטאַדעס?
ביי די מִשפָּחוֹת פון ראובן
איז גרויס דער איבערקלער.

גִלעָד בלייבט אויף יענער זייט יַרדן
און דָן, פאַרוואָס בלייבט ער ביי די שיפן?
אָשֵר זיצט ביים ברעג יַם
און ביי די איינגוסן רוט ער.
זבולון איז אַ פאָלק,
וואָס שטעלט איין דאָס לעבן,
און נַפתָלִי — אויף די הייכן פון שלאַכטפעלד.
מלָכים זיינען געקומען, מִלחָמה געהאַלטן.
מִלחָמה האָבן געהאַלטן די מלָכים פון כּנַעַן,
אין תַעֲנָך ביי די וואַסערן פון מְגִדוֹ —
קיין רויב פון זילבער האָבן זיי ניט גענומען!
פון הימל האָט מען מִלחָמה געהאַלטן!
די שטערן פון זייערע שטעגן
האָבן מִלחָמה געהאַלטן מיט סיסרָאן.
דער טייך קִישוֹן האָט זיי פאַרשווענקט —
אַלטער טייך, טייך קִישוֹן!
טרעט אויף מיט מאַכט, מיין זעל!
אַך, עס האָבן געקלאַפּט די טריט פון די פערד,
פון דעם יאָגן, פון דעם יאָגן פון זיינע העלדן.
שילט מֵרוֹז, האָט געזאָגט דער מַלאַך פון גאָט,
שילטן שילט אירע איינוואוינערס,
ווייל זיי זיינען ניט געקומען צו הילף,
צו גאָט צו הילף צווישן די גיבּוֹרים.
מער פון אַלע פרויען זאָל זיין געבענטשט יָעֵל,
די פרוי פון חֶבֶר דעם קֵנִי;

מער פון אַלע פרויען אין געצעלט זאָל זי זיין
געבענטשט!

וואַסער האָט ער געבעטן, מילך האָט זי געגעבן,
אין אַ פירשטן־קרוג דערלאַנגט אים שמאַנט.
איר האַנט האָט זי געשטרעקט צום פלאָקן,
איר רעכטע האַנט צום אַרבעט־האַמער.
און געהאַמערט סיסרָאן, געקלאַפּט זיין קאָפּ,
געשפּאָלטן, געלעכערט זיין שלייף.
צו אירע פיס האָט ער געקניט,
געפאַלן, געבליבן ליגן.
וואו ער האָט געקניט איז ער טויט געבליבן.
דורכן פענצטער האָט אַרויסגעקוקט סיסרָאס מוטער,
זי האָט אַרויסגעבליקט דורך די שטאַכעטן.
וואָס זאַמט זיך זיין רייטוואָגן צו קומען?
וואָס פאַרשפּעטיקט זיך דאָס קלאַפּן פון זיינע
רייטוועגן?
די קלוגע צווישן אירע האַרינטעס ענטפערן,
אויך זי אַליין רעדט זיך איין:
נו, יאָ, זיי געפינען, זיי טיילן רויב,
אַ מיידל, צוויי מיידלעך פאַר יעדן מאַן;
רויב פון געפאַרבטע קליידער פאַר סיסרָאן.
איין געוועבטער טוך, צוויי געוועבטע טיכער פאַר
יעדן פרויען־האַלדז!
אַזוי זאָלן אומקומען אַלע דיינע פיינד, גאָט,
און דיינע פריינד – ווי דער אויפגאַנג פון דער זון אין
איר שטאַרקייט.

# גִדעוֹן

און דאָס לאַנד איז געווען רואיק פערציק יאָר. און די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל האָבן ווידער געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט. און גאָט האָט זיי איבערגעגעבן אין דער האַנט פון מִדיָן זיבן יאָר.

און מִדיָנס האַנט איז געווען זייער שווער אויף יִשׂרָאֵל. און צו באַהאַלטן זייער גוטס פון מִדיָן האָבן די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל געמאַכט פאַר זיך גריבער אין די בערג און פעסטונגען. און עס פלעגט זיין, ווען יִשׂרָאֵל האָט געזייט און די תּבוּאה איז אויפגעגאַנגען, איז אָנגעקומען מִדיָן, עֲמָלֵק און די שְׁבָטים פון מִזרָח און האָבן פאַרוויסט די תּבוּאה פון לאַנד און ניט איבערגעלאָזן קיין שפּייז צומאָל פאַר אַ שעפּס, אַן אָקס אָדער אַן אייזל. זיי און זייערע פי און זייערע געצעלטן פלעגן אַרויסגיין ווי אַ היישעריק אַזוי פיל. מען האָט ניט געקאָנט איבערציילן, זיי און זייערע קעמלען, און זיי פלעגן אַריינקומען אין לאַנד כּדֵי עס צו פאַרוויסטן. און יִשׂרָאֵל איז שטאַרק פאַראָרעמט געוואָרן איבער מִדיָן. און די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל האָבן געשריען צו גאָט.

און אַ מַלאַך פון גאָט איז געקומען און האָט זיך געזעצט אונטער דעם אייכנבוים אין עָפרָה, וואָס האָט געהערט צו יוֹאָש. און זיין זון גִדעוֹן האָט געדראָשן ווייץ אין קעלטער כּדֵי עס אויסצובאַהאַלטן פון מִדיָן. האָט דער מַלאַך געזאָגט צו אים:

„גאָט איז מיט דיר, העלדישער מאַן!"

האָט גִדעוֹן צו אים געזאָגט:

„איך בעט דיך, מיין האַר, אויב גאָט איז מיט אונדז, טאָ

פאַרוואָס האָט דאָס אַלץ מיט אונדז געטראָפן? און וואו זיינען אַלע זיינע וואונדער, וואָס אונדזערע עלטערן האָבן אונדז דער־ציילט, אַז ער האָט אונדז אַרויסגענומען פון מִצרַיִם? און איצט האָט ער אונדז פאַרלאָזן און איבערגעגעבן אין דער האַנט פון מִדיָן."

האָט זיך דער מַלאַך אַ קער געטאָן צו אים און האָט געזאגט:

„גיי מיט דעם דאָזיקן כּוֹחַ דיינעם, און העלף יִשׂרָאֵל פון דער האַנט פון מִדיָן. איך שיק דיך."

האָט ער צו אים געזאָגט:

„איך בעט דיך, מיין האַר, ווי אַזוי קאָן איך העלפן יִשׂרָאֵל? זע, מיין מִשפָּחה איז די אָרעמסטע אין מְנַשֶׁה און איך בין דער יינגסטער אין מיין פאָטערס הויז."

האָט דער מַלאַך געזאָגט צו אים:

„איך וועל זיין מיט דיר. און דו וועסט שלאָגן מִדיָן, ווי איין מאַן."

און עס איז געווען אין יענער נאַכט, האָט דער מַלאַך פון גאָט געזאָגט צו אים:

„שטיי אויף און צעשטער דיין פאָטערס מִזבֵּחַ פון בַּעַל, די אַשֵׁרָה, וואָס איז לעבן אים, זאָלסטו אָפּהאַקן. און זאָלסט בויען אַ מִזבֵּחַ צו גאָט, דיין גאָט, אויפן שפּיץ פון דער באַרג־פעסטונג. און דו זאָלסט נעמען דיין טאַטנס יונגן בעסטן אָקס, וואָס מען האָט געשטאָפּט זיבן יאָר, און פאַרברענען אים ווי אַ קָרבּן מיט דעם האָלץ פון דעם געצנבוים וואָס דו וועסט אָפּהאַקן."

האָט גִדעוֹן גענומען צען פון זיינע מענטשן און האָט געטאָן ווי גאָט האָט גערעדט צו אים. אָבער ער האָט מוֹרא געהאַט

פאַר זיין פאָטערס מִשפָּחה און פאַר די מענטשן פון שטאָט דאָס צו טאָן בייטאָג, האָט ער עס געטאָן ביינאַכט.

און די מענטשן פון שטאָט זיינען אויפגעשטאַנען אין דער פרי – און אָט דער מִזבֵּחַ פון בַּעַל איז צעשטערט און די אַשֵׁרָה, וואָס לעבן אים, איז אָפּגעהאַקט און דער יונגער געשטאָפּטער אָקס איז פאַרברענט געוואָרן אויפן מִזבֵּחַ. האָבן זיי געזאָגט איינער צום אַנדערן:

„ווער האָט געטאָן די דאָזיקע זאַך?"

האָבן זיי געפאָרשט און געזוכט און מען האָט געזאָגט:

„גִדעוֹן, דער זון פון יוֹאָשן, האָט געטאָן די דאָזיקע זאַך."

האָבן די מענטשן געזאָגט צו יוֹאָשן:

„גיב אַרויס דיין זון און זאָל ער שטאַרבן, ווייל ער האָט צעבראָכן דעם מִזבֵּחַ פון בַּעַל און אָפּגעהאַקט די אַשֵׁרָה, וואָס לעבן אים."

האָט יוֹאָש געזאָגט צו אַלע וואָס זיינען געשטאַנען אַרום:

„ווילט איר זיך קריגן פאַר בַּעַל? אָדער איר ווילט זיך איינשטעלן פאַר אים? אויב ער איז אַ גאָט, זאָל ער אַליין קריגן פאַר זיך, וואָס מען האָט צעבראָכן זיין מִזבֵּחַ."

און אין יענעם טאָג האָט מען גִדעוֹנען גערופן „יְרוּבַּעַל", אַזוי צו זאָגן: זאָל בַּעַל זיך קריגן. (יָרֵיב בַּעַל, זאָל זיך קריגן בַּעַל–יְרוּבַּעַל).

## די מִלחָמה מיט מִדיָן

און גאַנץ מִדיָן און עֲמָלֵק און די שְבָטִים פון מִזרָח האָבן זיך איינגעזאַמלט און געלאַגערט אין טאָל יִזְרְעֶאל. און דער גייסט

פון גאָט האָט גערוט אויף גִדעוֹנען און ער האָט געבלאָזן אין אַ שוֹפָר. און די מענער פון דער מִשפָּחה אַבִיעֶזֶר האָבן זיך אַרומ־געקליבן אַרום אים. און ער האָט געשיקט שלוחים צו די שבָטים אָשֵר, זבולון און נַפתָלִי. און זיי זיינען צו אים געקומען.

און גִדעוֹן האָט זיך געפעדערט און דאָס גאַנצע פאָלק וואָס איז מיט אים און זיי האָבן געלאַגערט אין עֵין־חֲרוֹד, וואָס איז אין צָפון פון גִבעַת־מוֹרֶה, אין טאָל יִזרְעֶאל. און גאָט האָט גע־זאָגט צו גִדעוֹנען:

„דאָס פאָלק וואָס איז מיט דיר — איז צו פיל אַז איך זאָל איבערגעבן מִדיָן אין זייער האַנט. יִשׂרָאֵל וועט זיך נאָך באַ־רימען: ‚מיין אייגענע מאַכט האָט מיר געהאָלפן.‘ דערפאַר רוף אויס: ‚ווער עס האָט מוֹרא און שרעקט זיך זאָל גיין אַהיים.‘“

האָבן זיך אינדערפרי אומגעקערט אַהיים צוויי און צוואַנ־ציק טויזנט, און צען טויזנט זיינען געבליבן.

האָט גאָט געזאָגט צו גִדעוֹנען:

„דאָס פאָלק איז נאָך אַלץ צו פיל. פיר זיי אַראָפּ צום וואַסער. יעדערער וואָס וועט לעקן פונעם וואַסער מיט זיין צונג אַזוי ווי עס לעקט אַ הונט — אים זאָלסטו שטעלן באַזונדער. און די וואָס וועלן זיך אַראָפּלאָזן אויף די קני צו טרינקען — זאָלסטו שטעלן באַזונדער.“

האָט גִדעוֹן אַראָפּגעפירט דאָס פאָלק צום וואַסער. און עס איז געווען די צאָל, וואָס האָט געלעקט מיטן מויל פון דער האַנט — דריי הונדערט מאַן, און דאָס גאַנצע איבעריקע פאָלק

האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני צו טרינקען וואַסער. און גאָט האָט געזאָגט צו גִדעוֹנען:

„מיט די דריי הונדערט מאַן, וואָס האָבן געלעקט וועל איך דיר העלפן און איך וועל איבערגעבן מִדיָן אין דיין האַנט, און דאָס איבעריקע פאָלק זאָל גיין אַהיים.“

האָט ער אַזוי געטאָן.

און עס איז געווען אין יענער נאַכט האָט גאָט געזאָגט צו אים:

„נידער אַראָפּ, דו מיט דיין יונג פּוּרָה צום לאַגער, ווּעסטו הערן וואָס זיי ריידן — וועט זיך שטאַרקן דיין מוט.“

האָט ער און זיין יונג פּוּרָה אַראָפּגענידערט צום ברעג פון די באַוואָפנטע וואָס אין לאַגער. און מִדיָן און עֲמָלֵק און אַלע שְבָטים פון מִזרָח זיינען געלעגן אין טאָל אַזוי פיל ווי היישעריק, און זייערע קעמלען זיינען געווען אָן אַ צאָל, ווי דער זאַמד אויפן ברעג יַם.

און גִדעוֹן האָט געהערט ווי אַ מאַן דערציילט זיין חַבר אַ חָלוֹם און ער זאָגט:

„מיר האָט זיך געחָלוֹמט, אַז אַ קוכן פון גערשטענעם ברויט קייקלט זיך אין לאַגער פון מִדיָן, און קייקלט זיך ביז אַ געצעלט, און עס האָט אַ קלאַפּ געטאָן. און דאָס געצעלט איז געפאַלן, זיך איבערגעקערט און געבליבן ליגן.

האָט זיך אָפּגערופן זיין חַבר און האָט געזאָגט:

„דאָס קען נאָר באַטייטן די שווערד פון גִדעוֹן. גאָט האָט איבערגעגעבן אין זיין האַנט מִדיָן מיט זיין גאַנצן חַיִל.“

און ווען גִדעוֹן האָט דערהערט דעם חָלוֹם און זיין באַשייד,

האָט ער זיך געבוקט צו גאָט. און ער האָט זיך אומגעקערט אין לאַגער פון יִשׂרָאֵל און האָט געזאָגט:

„שטייט אויף! גאָט האָט איבערגעגעבן אין אייער האַנט דעם חַיִל פון מִדְיָן!"

און ער האָט צעטיילט די דריי הונדערט מאַן אין דריי מַחנות און האָט יעדן איינעם געגעבן אַ שופָר אין האַנט, אַ ליידיקע קרוג און אַ פאַקל אין קרוג. און ער האָט צו זיי געזאָגט:

„קוקט אויף מיר און טוט, וואָס איך וועל טאָן. אָט קום איך צום ברעג לאַגער. אַז איך וועל בלאָזן אין שופָר זאָלט איר אויך בלאָזן אין די שופרות, רונד אַרום דער מַחנֶה, און איר זאָלט אויסרופן:

‚פאַר גאָט און פאַר גִדעונען!'"

און גִדעון און די הונדערט מאַן מיט אים זיינען אָנגעקומען אין עק לאַגער ביים אָנהייב פון מיטלסטער נאַכטוואַך, ווען מען האָט נאָר וואָס איינגעשטעלט די וועכטערס. און גִדעון און זיינע הונדערט מאַן האָבן געבלאָזן אין די שופרות און צעבראָכן די קריג, וואָס זיינען געווען אין זייער האַנט. און די דריי מַחנות האָבן געבלאָזן אין די שופרות און האָבן צעבראָכן די קריג. אין זייער לינקער האַנט האָבן זיי געהאַלטן די פאַקלען און אין דער רעכטער האַנט די שופרות צו בלאָזן. און זיי האָבן אויסגערופן:

„אַ שווערד פאַר גאָט און פאַר גִדעונען!"

און די דריי הונדערט שופרות האָבן געבלאָזן און גאָט האָט געמאַכט, אַז מען האָט אָנגעהויבן הַרגענען איינער דעם אַנדערן. און די גאַנצע מַחנֶה איז אַנטלאָפן ביז בֵּית־שִׁיטָה. און עס האָבן זיך צונויפגעקליבן די מענער פון נַפְתָּלִי, אָשֵׁר און פון גאַנץ

מְנַשֶׁה און זיי האָבן נאָכגעיאָגט די מִדיָנים. און גדעוֹן האָט פֿאַר־נאַנדערגעשיקט שלוחים אין גאַנצן באַרגלאַנד פֿון אֶפרַיִם אַזוי צו זאָגן:

„נידערט אַראָפּ קעגן מִדיָן און פֿאַרכאַפּט דאָס וואַסער ביז בֵּית־בָּרָה און דעם יַרדן."

האָבן זיך איינגעזאַמלט אַלע מענער פֿון אֶפרַיִם און פֿאַר־כאַפּט דאָס וואַסער ביז בֵּית־בָּרָה און דעם יַרדן. און זיי האָבן געכאַפּט די צוויי פֿירשטן פֿון מִדיָן: עוֹרֵב און זְאֵב, און זיי האָבן זיי געטייט.

און די מענער פֿון אֶפרַיִם האָבן זיך שטאַרק געקריגט מיט גִדעוֹנען און האָבן געזאָגט צו אים:

„פֿאַרוואָס האָסטו אונדז ניט גערופֿן ווען דו ביסט געגאַנגען מִלחָמה האַלטן מיט מִדיָן?"

האָט ער זיי געענטפֿערט:

„וואָס האָב איך אויפֿגעטאָן אין פֿאַרגלייך מיט אייך? די איבערגעבליבענע וויינטרויבן פֿון אֶפרַיִם זיינען דאָך בעסער ווי די צייטיקסטע פֿון אַבִיעֶזֶר. אין אייער האַנט האָט דאָך גאָט איבערגעגעבן די צוויי פֿירשטן פֿון מִדיָן, עוֹרֵב און זְאֵב. וואָס איז מיין אויפֿטו אין פֿאַרגלייך מיט אייערן?"

ווען זיי האָבן דערהערט אַזעלכע רייד, וואָס ער האָט גע־רעדט צו זיי, איז זייער כַּעַס אָפּגעגאַנגען.

און מִדיָן איז אונטערטעניק געוואָרן פֿאַר יִשׂרָאֵל און ער האָט מער ניט געקאָנט אויפֿהייבן זיין קאָפּ.

און די מענער פֿון יִשׂרָאֵל האָבן געזאָגט צו גִדעוֹנען:

„הערש איבער אונדז, אי דו, אי דיין זון, אי דיין זונס זון, ווייל דו האָסט אונדז געהאָלפֿן פֿון דער האַנט פֿון מִדיָן.”
האָט גִדעוֹן געזאָגט צו זיי:
„ניט איך וועל הערשן איבער אייך און ניט מיין זון וועט הערשן איבער אייך, נאָר גאָט וועט געוועלטיקן איבער אייך.”
און יְרוּבַּעַל, גִדעוֹן, האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים. און ער האָט געהאַט זיבעציק זין, ווייל ער האָט געהאַט אַ סך ווייבער. און זיין קעפּסווייב אין שְכֶם האָט אים געבאָרן אַ זון, און ער האָט אים אַ נאָמען געגעבן אֲבִימֶלֶך.
און גִדעוֹן איז געשטאָרבן אין אַ גוטער עלטער, און מען האָט אים מְקַבֵּר געווען אין עָפְרָה. און דאָס לאַנד איז געווען רואיק פערציק יאָר.

## אֲבִימֶלֶך

און עס איז געווען נאָכדעם, ווי גִדעוֹן איז געשטאָרבן זיינען די בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל פֿאַרפירט געוואָרן און געדינט צו די בַּעֲלִים. און זיי האָבן זיך געמאַכט דעם בַּעַל־בְּרית פֿאַר אַ גאָט. און בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל האָבן ניט געדענקט גאָט, זייער גאָט, וואָס האָט זיי מַציל געווען פֿון דער האַנט פֿון אַלע זייערע שׂוֹנאים. און זיי זיינען זיך ניט באַגאַנגען גוט מיט דער מִשפָּחה פֿון יְרוּבַּעַל־גִדעוֹן, פֿאַר אַל דאָס גוטס וואָס ער האָט געטאָן מיט יִשְׂרָאֵל.
און אֲבִימֶלֶך דער זון פֿון גִדעוֹן איז אַוועק קיין שְכֶם צו זיין מוטערס ברידער און ער האָט געזאָגט צו זיי און צו דער גאַנצער מִשפָּחה פֿון זיין מוטער:
„איך בעט אייך, רעדט צו די מענטשן פֿון שְכֶם און זאָגט

צו זיי: וואָס איז פֿאַר אייך בעסער? זאָלן הערשן איבער אייך זיבעציק מאַן, אַלע זין פֿון גדעונען, אָדער איין מאַן זאָל הערשן איבער אייך? און געדענקט, אַז איך בין אייער פֿלייש און ביין!"

האָבן זײַן מוטערס ברידער גערעדט פֿאַר אים צו די אַלע איינוואוינערס פֿון שכם, און זייער האַרץ האָט גענייגט נאָך אַבימֶלֶכן, ווייל זיי האָבן געזאָגט: ער איז דאָך אונדזערער אַן אייגענער. און זיי האָבן אים געגעבן פֿערציק זילבער־שטיק פֿון טעמפּל בַּעַל־ברית. און אַבימֶלֶך האָט מיט דעם געלט געדונגען ליידיק־גייערס און נישטיקע מענטשן, און זיי זיינען געגאַנגען מיט אים. און ער איז געגאַנגען צו זיין פֿאָטערס הויז אין עָפְרָה און האָט אויסגעהרגעט זיינע ברידער, די זין פֿון גדעון, זיבעציק מאַן. נאָר יותם, דער ייִנגסטער זון פֿון גדעון איז געבליבן, ווייל ער האָט זיך באַהאַלטן.

און עס האָבן זיך צונויפֿגעזאַמלט אַלע איינוואוינערס פֿון שכם און האָבן געמאַכט אַבימֶלֶכן פֿאַר אַ מֶלֶך. האָט מען עס אָנגעזאָגט יותמען. איז ער געגאַנגען און האָט זיך געשטעלט אויפֿן באַרג גריזים און ער האָט אויפֿגעהויבן זיין קול און גערופֿן צו די איינוואוינערס פֿון שכם און ער האָט געזאָגט צו זיי:

„הערט מיך אויס, איר איינוואוינערס פֿון שכם, וועט אייך גאָט אויסהערן. געגאַנגען זיינען געגאַנגען דיביימער צו זאַלבן אַ מֶלֶך איבער זיך. האָבן זיי געזאָגט צום איילבערט־בוים:

קיניג דו איבער אונדז!"

האָט־דער איילבערט־בוים געזאָגט צו זיי:

„זאָל איך אויפֿגעבן מיין פֿעטקייט, וואָס גאָט און לייט גיבן מיר אָפּ כָּבוד פֿאַר דעם, און גיין וואָגלען איבער די ביימער?"

האָבן דיביימער געזאָגט צום פייגנבוים:

„קום דו און קיניג דו איבער אונדז."

האָט דער פייגנבוים געזאָגט צו זיי:

„זאָל איך אויפגעבן מיין זיסקייט און מיין גוטע פרוכט און גיין וואָגלען איבער די ביימער?"

האָבן די ביימער געזאָגט צום וויינשטאָק:

„קום דו און קיניג דו איבער אונדז."

האָט דער וויינשטאָק געזאָגט צו זיי:

„זאָל איך אויפגעבן מיין וויין, וואָס דערפרייט גאָט און לייט און גיין וואָגלען איבער די ביימער?"

האָבן אַלע ביימער געזאָגט צום דאָרן:

„קום דו און קיניג דו איבער אונדז."

האָט דער דאָרן געזאָגט צו די ביימער:

„אויב איר ווילט מיך בְּאֱמֶת זאַלבן פאַר אַ מֶלֶך איבער אייך – קומט און שיצט זיך אין מיין שאָטן. אויב אָבער ניט, זאָל אַרויסגיין אַ פייער פון דאָרן און פאַרברענען די צעדערן פון לְבָנוֹן.

„און איצט, אויב איר האָט געוואָלט טאָן גוטס מיט גִדְעוֹנען און איר האָט געוואָלט אים באַצאָלן לויט זיין פאַרדינסט, ווייל ער האָט מִלְחָמָה געהאַלטן פאַר אייך און איינגעשטעלט דאָס לעבן כְּדֵי אייך מַציל צו זיין פון מִדְיָן – און איר האָט דערפאַר געמאַכט זיין זון אַבִימֶלֶכן פאַר אַ קיניג, איז פרייט זיך מיט אַבִימֶלֶכן און זאָל ער זיך פרייען מיט אייך. אויב אָבער ניט – זאָל אַרויסגיין אַ פייער פון אַבִימֶלֶכן און פאַרברענען די איינ־

וואוינערס פון שכֶם, און זאָל אַרויסגיין אַ פייער פון די איינ־
וואוינערס פון שכֶם און פאַרברענען אַבימֶלֶכן."

און יוֹתָם איז אַנטלאָפן קיין בְּאֵר און האָט זיך דאָרטן באַ־
זעצט איבער זיין ברודער אַבימֶלֶכן.

## אַבימֶלֶכס סוֹף

אַבימֶלֶך האָט געהערשט איבער יִשׂרָאֵל דריי יאר. אָבער גאָט האָט אָנגעשיקט אַ בייזן גייסט צווישן אַבימֶלֶכן און די איינ־וואוינערס פון שכֶם. און זיי האָבן מוֹרֵד געווען קעגן אַבימֶלֶכן, כּדֵי דאָס אומרעכט אַנטקעגן די זיבעציק זין פון גִדעוֹן און זייער אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט זאָל פאַלן אויף זייער ברודער אַבימֶלֶך, וואָס האָט זיי געהַרגעט, אויך אויף די מענער פון שכֶם, וואָס האָבן אים געהאָלפן הַרגענען זיינע ברידער. און די איינ־וואוינערס פון שכֶם האָבן אָנגעשטעלט לויערערס אויף אים אויף די בערג און באַרויבט איטלעכן, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען אויפן וועג. און גַעַל דער זון פון עֶבֶד איז אָנגעקומען מיט זיינע קרוֹבים קיין שכֶם און די איינוואוינערס האָבן געגלייבט אין אים און גַעַל האָט געזאָגט:

„ווער איז דאָס אַבִימֶלֶך אַז מיר זאָלן אים דינען?"

און זבוּל, דער האַר פון שטאָט, האָט געהערט די רייד פון דעם זון פון עֶבֶד און האָט געשיקט שלוחים צו אַבימֶלֶכן און עס אים דערציילט.

און אַבימֶלֶך און דאָס פאָלק מיט אים זיינען אויפגעשטאַנען ביינאַכט און זיי האָבן געלויערט אויף שכֶם אין פיר מחנות.

און עס איז געווען אין פרימאָרגן, ווען גַעַל דער זון פון עֶבֶד איז אַרויסגעגאַנגען און זיך געשטעלט אין אַריינגאַנג פון שטאָט־טויער, איז אויפגעשטאַנען אַבִימֶלֶך און דאָס פאָלק מיט אים פון לויער. האָט גַעַל דערזען דאָס פאָלק און ער האָט געזאָגט צו זבולן:

„זע, מענטשן גייען אַראָפּ פון די שפּיצן פון בערג."

האָט זבול צו אים געזאָגט:

„די שאָטנס פון די בערג זעען אויס ביי דיר ווי מענטשן."

האָט גַעַל ווידער געזאָגט:

„זע, אָט גייען אַראָפּ מענטשן פון דעם העכסטן שפּיץ באַרג און איין מַחֲנֶה קומט אָן פון דעם וועג פון אֵלוֹן־מְעוֹנְנִים."

האָט זבול געענטפערט:

„אַוואו איז דיין מויל, וואָס האָט געזאָגט: ‚ווער איז דאָס אַבִימֶלֶך אַז מיר זאָלן אים דינען?' גיי איצט און האַלט מִלְחָמה מיט אים!"

און גַעַל האָט מִלְחָמה געהאַלטן מיט אַבִימֶלֶכן. און אַבִימֶלֶך האָט אים נאָכגעיאָגט און ער איז אַנטלאָפן. און אַבִימֶלֶך האָט איינגענומען די שטאָט, זי צעשטערט און זי פאַרזייט מיט זאַלץ.

האָבן עס דערהערט אַלע איינוואוינערס פון מִגְדַל־שְׁכֶם און זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען אין טורעם פון טעמפּל פון בַּעַל־בּרית. איז אָנגעזאָגט געוואָרן אַבִימֶלֶכן אַז אַלע איינוואוינערס פון מִגְדַל־שְׁכֶם האָבן זיך פאַרקליבן אין טורעם. איז ער אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג צַלמוֹן, ער און דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס מיט אים. און ער האָט גענומען אַ האַק אין האַנט און האָט אָפּגעהאַקט אַ צווייג פון די ביימער, און האָט גענומען און עס

אַרויפגעלייגט אויף זיין אַקסל. און ער האָט געזאָגט צו דעם פאָלק וואָס מיט אים:

„וואָס איר האָט מיך געזען טאָן, איילט זיך און טוט אַזוי ווי איך."

האָט דאָס גאַנצע פאָלק אָפּגעהאַקט איטלעכער זיין צווייג, און זיי זיינען געגאַנגען נאָך אַבימֶלֶכן און האָבן אַרומגעלייגט די צווייגן אַרום דעם טורעם, אָנגעצונדן מיט זיי דעם טורעם און אַלע מענטשן פון מִגדַל־שְכֶם זיינען אומגעקומען.

און אַבימֶלֶך איז געגאַנגען קיין תֵּבֶץ און האָט זי באַלאַגערט און זי איינגענומען. אָבער אַ שטאַרקער טורעם איז געווען אין מיטן שטאָט, זיינען אַהין אַנטלאָפן אַלע מענטשן פון שטאָט. און אַבימֶלֶך איז צוגעקומען ביזן טורעם און האָט מִלחָמה געהאַלטן מיט די מענטשן און ער איז צוגעקומען ביזן אַריינגאַנג פון טורעם כּדֵי אים צו פאַרברענען. האָט אַ פרוי אַראָפּגעוואָרפן אַן אייבערשטן מילשטיין אויף אַבימֶלֶכס קאָפּ און האָט אים צעבראָכן דעם שאַרבן. האָט אַבימֶלֶך גערופן זיין יונג דעם וואָפּנטרעגער און האָט צו אים געזאָגט:

„ציִ אַרויס דיין שווערד און טייט מיך, כּדֵי מען זאָל ניט זאָגן אויף מיר: ,אַ פרוי האָט אים דערהַרגעט.'"

און דער יונג האָט אים דערשטאָכן און ער איז געשטאָרבן.

און אַז די מענער פון יִשׂרָאֵל האָבן דערזען אַז אַבימֶלֶך איז טויט, זיינען זיי זיך פונאַנדערגעגאַנגען, איטלעכער צו זיך אַהיים.

אַזוי האָט גאָט אויסגעלאָזן דאָס בייז פון אַבימֶלֶכן אויף זיין קאָפּ, ווייל ער האָט אויסגעהַרגעט זיינע ברידער. און דאָס

שלעכטס פון די איינוואוינערס פון שכם האָט גאָט אויסגעלאָזן אויף זייערע קעפּ. אויף זיי איז געפאַלן די קללה פון יותם, גדעונס זון.

## צוויי שופטים

נאָך אבימלכן איז אויפגעשטאַנען אין ישראל תולע דער זון פון פּועה. ער האָט געמשפּט ישראל דריי און צוואַנציק יאָר.

נאָך אים איז געווען שופט יאיר פון גלעד. ער האָט געמשפּט ישראל צוויי און צוואַנציק יאָר.

## דער שופט יפתח

און די בני־ישראל האָבן ווידער געטאָן וואָס ס'איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט. זיי האָבן געדינט צו פרעמדע געטער און זיי האָבן פאַרלאָזן גאָט און ניט געדינט צו אים. און דער צאָרן פון גאָט האָט געברענט אויף ישראל און ער האָט זיי איבער־געגעבן אין דער האַנט פון עמון. און זיי האָבן געדריקט און גע־פּייניקט די בני־ישראל גאַנצע אַכצן יאָר און ישראל האָט זייער שטאַרק געליטן. און די בני־ישראל האָבן געשריען:

„מיר האָבן געזינדיקט קעגן דיר, גאָט, ווייל מיר האָבן פאַר־לאָזן אונדזער גאָט און געדינט די בעלים."

און זיי האָבן אָפּגעטאָן פון צווישן זיך די פרעמדע געטער און האָבן געדינט גאָט. און ער האָט שוין מער ניט געקאָנט צוזען די ליידן פון ישראל.

און די קינדער פון עמון האָבן זיך איינגעזאַמלט און האָבן

געלאַגערט אין גִלעָד און די בנֵי־יִשׂרָאֵל האָבן זיך צונויפגעקליבן און געלאַגערט אין מִצפָּה.

האָבן געזאָגט די האַרן פון גִלעָד איינער צום אַנדערן:

„ווער עס וועט אונדז פירן אין מִלחָמה קעגן עַמוֹן – וועט ווערן דער הויפּט פון גאַנץ גִלעָד!"

און יִפתָּח איז געווען אַ העלדישער גיבּור, אָבער ער איז געווען דער זון פון אַ קעפּסווייב. און עס איז געווען, ווען זיינע ברידער זיינען אויפגעוואַקסן האָבן זיי געזאָגט צו יִפתָּחן:

„דו קאָנסט ניט זיין אַ יוֹרֵש פון אונדזער פאָטערס הויז, ווייל דו ביסט דער זון פון אַן אַנדער פרוי."

און יִפתָּח איז אַנטלאָפן פון זיינע ברידער און האָט זיך באַזעצט אין לאַנד טוֹב. און עס האָבן זיך אַרומגעקליבן אַרום יִפתָּחן ליידיקגייערס און זיי זיינען מיט אים אַרויס צו באַפאַלן.

און ווען די קינדער פון עַמוֹן האָבן מִלחָמה געהאַלטן מיט יִשׂרָאֵל, זיינען געגאַנגען די עלטסטע פון גִלעָד צו יִפתָּחן אין לאַנד טוֹב און זיי האָבן געזאָגט צו אים:

„קום און ווער אונדזער פירער און מיר וועלן מִלחָמה האַלטן קעגן די עַמוֹנים."

האָט יִפתָּח געזאָגט צו די עלטסטע פון גִלעָד:

„איר האָט דאָך מיך פיינט געהאַט און פאַרטריבן פון מיין פאָטערס הויז, היינט פאַרוואָס זייט איר געקומען צו מיר איצט ווען עס איז אייך שלעכט?"

האָבן די עלטסטע פון גִלעָד געזאָגט צו יִפתָּחן:

„דערפאַר טאַקע זיינען מיר איצט געקומען צו דיר. קום מיט אונדז און האַלט מִלחָמה קעגן די קינדער פון עַמוֹן, און דו

וועסט ווערן ביי אונדז דער הויפּט איבער אַלע איינוואוינערס פון גִלְעָד.״

האָט יִפְתָּח געזאָגט צו די עלטסטע פון גִלְעָד:

„אויב איר נעמט מיך איצט צוריק, כּדי מִלְחָמה צו האַלטן מיט די קינדער פון עַמוֹן, און גאָט וועט זיי איבערגעבן אין מיין האַנט, וועל איך בלייבן אייער הויפּט!״

האָבן געזאָגט די עלטסטע פון גִלְעָד צו יִפְתָּחן:

„גאָט איז דער עֵדוּת צווישן אונדז, אַז מיר וועלן טאָן ווי דו זאָגסט.״

און יִפְתָּח איז געגאַנגען מיט די עלטסטע פון גִלְעָד און דאָס פאָלק האָט אים געמאַכט פאַר אַ הויפּט און חַייל־פירער איבער זיי.

און יִפְתָּח האָט גערעדט נאָך אַמאָל די זעלביקע רייד מיט די עלטסטע פון גִלְעָד פאַר גאָט אין מִצְפָּה.

## די מִלְחָמה מיט עַמוֹן און יִפְתָּחס נֶדֶר

און יִפְתָּח האָט געשיקט שלוּחים צום מֶלֶך פון די קינדער פון עַמוֹן און האָט געזאָגט צו אים:

„וואָס האָבן מיר איינער צום אַנדערן וואָס דו ביסט געקומען מִלְחָמה צו האַלטן אויף מיין לאַנד? איך האָב אַנטקעגן דיר ניט געזינדיקט און דו טוסט שלעכטס קעגן מיר, וואָס דו ביסט אַרויסגעקומען אויף מִלְחָמה קעגן מיר. זאָל גאָט, דער שוֹפֵט פון דער גאַנצער וועלט, מִשפּטן היינט צווישן די קינדער פון יִשְׂרָאֵל און די קינדער פון עַמוֹן.״

אָבער דער מֶלֶך פון די קינדער פון עַמון האָט זיך ניט צו־
געהערט צו די רייד פון יִפתָחן, וואָס ער האָט געשיקט צו אים.
און דער גייסט פון גאָט איז געווען אויף יִפתָחן און ער איז דורכ־
געגאַנגען גִלעָד און מְנַשֶה צווישן־צוזאַמלען חַיִל, און ער איז
דורכגעגאַנגען מִצפֶּה־גִלעָד, און פון מִצפֶּה־גִלעָד איז ער אַרי־
בער דעם גרענעץ פון די קינדער פון עַמון.

און יִפתָח האָט אַ נֶדֶר געטאָן צו גאָט און ער האָט געזאָגט:
„אויב איבערגעבן וועסטו איבערגעבן די קינדער פון עַמון
אין מיין האַנט, און איך וועל זיך אומקערן בְּשָלום אַהיים, איז
דער ערשטער וואָס וועט אַרויסגיין פון די טירן פון מיין הויז
מיר אַנטקעגן — זאָל געהערן צו גאָט."

און יִפתָח האָט מִלחָמָה געהאַלטן מיט די קינדער פון עַמון
און גאָט האָט זיי איבערגעגעבן אין זיין האַנט. יִפתָח האָט צע־
שלאָגן צוואַנציק שטעט אין איין גרויסער שלאַכט, און די קינ־
דער פון עַמון זיינען געוואָרן אונטערטעניק פאַר די בְנֵי־יִשְׂרָאֵל.

און יִפתָח איז אָנגעקומען קיין מִצפֶּה צו זיין הויז. און אָט
גייט זיין טאָכטער אַרויס אים אַנטקעגן מיט פּויקן און טענץ.
און זי איז געווען אַן איינ־און־איינציקע. ער האָט אַחוץ איר ניט
געהאַט ניט קיין זון און ניט קיין טאָכטער.

און ווי ער האָט זי דערזען, האָט ער צעריסן די קליידער
און האָט געזאָגט:

„וויי, מיין טאָכטער! דו האָסט מיך נידערגעשלאָגן און אַן
אומגליק האָסטו געבראַכט אויף מיר, ווייל איך האָב אַ נֶדֶר
געטאָן צו גאָט און איך קאָן ניט צוריקציִען."

האָט זי צו אים געזאָגט:

„פאָטער מיינער, האַלט דיין נֶדֶר, נאָכדעם ווי גאָט האָט דורך דיר נְקָמה גענומען אין דיינע פיינד, די קינדער פון עַמוֹן. אָבער לאָז מיך אָפּ אויף צוויי חֳדָשִים, און איך וועל גיין אויף די בערג און באַוויינען מיין יונג לעבן, איך און מיינע חַבֶרטעס."
האָט ער געזאָגט צו איר: „גיי."

און ער האָט זי אַוועקגעשיקט אויף צוויי חֳדָשִים. און זי איז געגאַנגען אויף די בערג, זי און אירע חַבֶרטעס און זיי האָבן באַוויינט איר יונג לעבן צוויי חֳדָשִים.

און עס איז געווען צום סוֹף פון די צוויי חֳדָשִים, האָט זי זיך אומגעקערט צו איר פאָטער, און ער האָט אויסגעפירט זיין נֶדֶר. און זי האָט קיינמאָל ניט חַתוּנה געהאַט. און עס איז געוואָרן אַ מִנהָג אין יִשׂרָאֵל: פון יאָר צו יאָר פלעגן גיין די טעכטער פון יִשׂרָאֵל צו טרויערן איבער דער טאָכטער פון יִפתָּח פיר טעג אין יאָר.

## שיבּוֹלֶת און סיבּוֹלֶת

און די מענער פון אֶפרַיִם האָבן זיך איינגעזאַמלט און האָבן געזאָגט צו יִפתָּחן:

„ווען דו ביסט געגאַנגען מִלחָמה האַלטן מיט די קינדער פון עַמוֹן, פאַרוואָס האָסטו אונדז ניט גערופן צו גיין מיט דיר? דיין הויז מיט דיר אינאיינעם וועלן מיר פאַרברענען אין פייער."

האָט יִפתָּח געזאָגט צו זיי:

„אַ גרויסע און שווערע מִלחָמה האָב איך און מיין פאָלק געפירט מיט די קינדער פון עַמוֹן, און איך האָב אייך גערופן

און איר האָט מיר ניט געהאָלפֿן. האָב איך געזען, אַז איר העלפֿט מיר ניט, האָב איך איינגעשטעלט דאָס לעבן און איך בין געגאַנ־גען און מִלחָמה געהאַלטן מיט די קינדער פֿון עַמון. און גאָט האָט זיי איבערגעגעבן אין מיין האַנט. איז פֿאַרוואָס זייט איר געקומען מִלחָמה האַלטן קעגן מיר?"

האָט יִפֿתָּח איינגעזאַמלט אַלע מענער פֿון גִלעָד און האָט מִלחָמה געהאַלטן קעגן די קינדער פֿון אֶפֿרַיִם. און די מענער פֿון גִלעָד האָבן צעשלאָגן די מענער פֿון אֶפֿרַיִם. און גִלעָד האָט פֿאַרכאַפּט די איבערפֿאָרן פֿון יַרדן און עס איז געווען, אַז אַן אַנטרונענער פֿון אֶפֿרַיִם האָט געזאָגט: „איך וויל אַריבערגיין" — האָבן די מענער פֿון גִלעָד געזאָגט צו אים:

„ביסטו פֿון אֶפֿרַיִם?"

האָט ער געזאָגט:

„ניין."

האָבן זיי געזאָגט:

„זאָג אַקאָרשט ,שיבּוֹלֶת'."

און די מענער פֿון אֶפֿרַיִם האָבן געזאָגט:

„סיבּוֹלֶת".

האָבן זיי אים אָנגענומען און געהַרגעט, גלייך ביי די איבער־פֿאָרן. און עס זיינען געפֿאַלן פֿון אֶפֿרַיִם צוויי און פֿערציק טויזנט.

און יִפֿתָּח האָט געמִשפּט יִשׂרָאֵל זעקס יאָר. און ער איז געשטאָרבן און מען האָט אים מְקַבֵּר געווען אין איינער פֿון די שטעט פֿון גִלעָד.

## אַנדערע שופטים

נאָך אים האָט געמִשפּט יִשׂרָאֵל אִבצָן פון בֵּית־לֶחֶם. ער האָט געמִשפּט יִשׂרָאֵל זיבן יאָר.

נאָך אים האָט געמִשפּט יִשׂרָאֵל אֵלוֹן פון זבולון. ער האָט געמִשפּט יִשׂרָאֵל צען יאָר.

נאָך אים האָט געמִשפּט יִשׂרָאֵל עַבדוֹן. ער האָט געמִשפּט יִשׂרָאֵל אַכט יאָר.

## שִמשוֹן ווערט געבוירן

און די בְּנֵי־יִשׂרָאֵל האָבן ווידער געטאָן וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון גאָט, און גאָט האָט זיי איבערגעגעבן אין דער האַנט פון די פְּלִשתּים פערציק יאָר.

און עס איז געווען אַ מאַן אין צָרעָה, פון דער מִשפָּחָה דָן, און זיין נאָמען איז געווען מָנוֹחַ. זיין ווייב איז געווען אַן עֲקָרָה, זי האָט ניט געהאַט קיין קינדער. און אַ מַלאַך פון גאָט האָט זיך באַוויזן צו איר און האָט געזאָגט צו איר:

„דו ביסט אַן עֲקָרָה און דו האָסט ניט קיין קינדער. דו וועסט טראָגעדיק ווערן און וועסט האָבן אַ זון. און דו היט זיך: זאָלסט ניט טרינקען קיין ווײַן אָדער אַנדערע שטאַרקע געט־ראַנקען און דו זאָלסט ניט עסן קיין אומריינע עסנס. און קיין שער זאָל ניט אַרויפגיין אויף זיין קאָפּ, ווייל אַ נָזִיר פון גאָט זאָל דער יינגל זיין. און ער וועט העלפן יִשׂרָאֵל פון דער האַנט פון די פְּלִשתּים."

און די פרוי איז געקומען און געזאָגט צו איר מאַן:

„אַ געטלעכער מאַן האָט זיך באַוויזן צו מיר, און זיין אויס־זען איז געווען ווי דער אויסזען פון אַ מַלאַך פון גאָט. און ניט איך האָב אים געפרעגט פון וואַנען ער איז, און ניט ער האָט מיר געזאָגט וואָס זיין נאָמען איז. אָבער ער האָט מיר געזאָגט: „דו וועסט טראָגעדיק ווערן און דו וועסט האָבן אַ זון, און דו זאָלסט ניט טרינקען קיין ווײַן אָדער שטאַרקע געטראַנקען און ניט עסן קיין אומריינע עסנס, ווייל אַ נָזיר פון גאָט וועט דער יינגל זיין פון דעם טאָג פון זיין געבוירן ביז דעם טאָג פון זיין טויט."

האָט מָנוֹחַ תּפִילָה געטאָן צו גאָט און האָט געזאָגט:

„איך בעט דיך, גאָט, זאָל דער געטלעכער מאַן, וואָס דו האָסט געשיקט, ווידער קומען צו אונדז און אונדז לערנען, וואָס מיר זאָלן טאָן מיט דעם יינגל, וואָס וועט געבאָרן ווערן."

און גאָט האָט זיך צוגעהערט צום געבעט פון מָנוֹחַן, און דער מַלאַך פון גאָט האָט זיך ווידער באַוויזן צו דער פרוי, ווען זי איז געווען אין פעלד, און מָנוֹחַ, איר מאַן, איז ניט געווען לעבן איר.

האָט זיך די פרוי געאײַלט און איז געלאָפן און האָט געזאָגט צו איר מאַן:

„אָט האָט זיך צו מיר ווידער באַוויזן דער מאַן, וואָס איז געקומען צו מיר יענעם טאָג."

און מָנוֹחַ איז אויפגעשטאַנען און איז געגאַנגען נאָך זיין ווייב און ער איז געקומען צו דעם מאַן און האָט געזאָגט צו אים:

„ביסטו דער מאַן, וואָס האָט גערעדט צו מיין פרוי?"

האָט ער געזאָגט:

„דאָס בין איך.“

האָט מָנוֹחַ געזאָגט:

„ווען דיין צוזאָג וועט מקוים ווערן — וואָס זאָל איך טאָן מיטן ייִנגל און ווי אַזוי זאָל איך זיך אויפפירן מיט אים?“

האָט דער מַלאַך געזאָגט צו מָנוֹחַן:

„קיין וויין און קיין שטאַרקע געטראַנקען זאָל זי ניט טרינקען און קיין אומרייִנע עסנס זאָל זי ניט עסן. אַלץ וואָס איך האָב איר אָנגעזאָגט זאָל זי אָפּהיטן.“

האָט מָנוֹחַ געזאָגט צום מַלאַך:

„איך בעט דיך, לאָמיר דיך פאַרהאַלטן אַ ווײַלע און מיר וועלן צוגרייטן פאַר דיר אַ ציגן־בעקל.“

און מָנוֹחַ האָט ניט געוואוסט, אַז דער מאַן איז אַ מַלאַך פון גאָט.

און מָנוֹחַ האָט גענומען דאָס ציגן־בעקל און האָט עס אַוועקגעלייגט פאַר אים אויפן שטיין. איז אַרויס אַ פלאַם־פייער פון שטיין, און דער מַלאַך פון גאָט איז אַרויף אויפן הימל מיטן פלאַם־פייער.

ווען מָנוֹחַ און זיין ווייב האָבן עס דערזען, זיינען זיי געפאַלן מיט זייערע פּנימער צו דער ערד, און מָנוֹחַ האָט געזאָגט צו זיין ווייב:

„שטאַרבן וועלן מיר שטאַרבן, ווייל מיר האָבן געזען אַ מַלאַך.“

האָט זיין ווייב צו אים געזאָגט:

„אויב גאָט וואָלט אונדז געוואָלט טייטן, וואָלט ער אונדז

ניט געוויזן די אַלע זאַכן, און ער וואָלט ניט אָנגעזאָגט די אַלע רייד."

און די פרוי האָט געבאָרן אַ זון און זי האָט אים אַ נאָמען געגעבן שִמשון. און דער ייִנגל איז געוואַקסן און גאָט האָט אים געבענטשט. און דער גייסט פון גאָט האָט אָנגעהויבן צו רוען אויף אים אין לאַגער פון דָן, צווישן צָרעָה און אֶשתָאול.

## שִמשון נעמט אַ ווייב פון די פּלִשתִים

און שִמשון האָט געווינדערט קיין תִמנָה און ער האָט דאָרטן געזען אַ פרוי, אַ טאָכטער פון אַ פּלִשתִי. און ער איז צוריקגעקומען אַהיים און געזאָגט צו זיין פאָטער און מוטער:

„איך האָב געזען אַ פרוי אין תִמנָה, אַ טאָכטער פון אַ פּלִשתִי. נעמט זי מיר פאַר אַ ווייב."

האָבן צו אים געזאָגט זיין פאָטער און מוטער:

„איז ניטאָ צווישן די טעכטער פון דיינע פריינד און צווישן די טעכטער פון דיין גאַנץ פאָלק קיין פרוי, וואָס דו גייסט נעמען אַ ווייב פון די פּלִשתִים?"

האָט שִמשון געזאָגט צו זיין פאָטער:

„נעם זי פאַר מיר, ווייל זי איז מיר געפעלן געוואָרן."

און זיין פאָטער און מוטער האָבן ניט געוואוסט, אַז דאָס איז פון גאָט, אַז דאָס זוכט ער אַן אויסרייד נקָמֶה צו נעמען פון די פּלִשתִים. אין יענער צייט האָבן די פּלִשתִים געוועלטיקט איבער יִשׂרָאֵל.

האָט שִמשון אַראָפּגעווינדערט מיט זיין פאָטער און זיין

מוטער קיין תּמנה. און זיי זיינען צוגעקומען ביז די וויינגערטנער פון תּמנה. און שמשון האָט זיך אָפּגעקערט פון די וויינגערטנער. ערשט אַ יונגער לייב ברומט אַנטקעגן אים. האָט גערוט אויף אים דער גייסט פון גאָט און ער האָט אים צעריסן ווי מען צע־רייסט אַ ציגעלע. און קיין זאַך איז ניט געווען אין זיין האַנט. און זיין פאָטער און זיין מוטער האָט ער עס ניט דערציילט.

און ער האָט גערעדט צו דער פרוי און זי איז אים נאָך מער געפעלן געוואָרן.

און אין אַ צייט אַרום איז ער צוריקגעקומען חתונה צו האָבן מיט דער פרוי, האָט ער אָפּגעקערט פון וועג צו זען די נבֵלה פון לייב. ערשט אַ געווימל בינען איז אין גוף פון לייב און האָניק. האָט ער אַריינגעשאַרט דעם האָניק אין הויפן און איז געגאַנגען, און גייענדיק האָט ער געגעסן. און ער איז געקומען צו זיין פאָטער און מוטער און האָט זיי געגעבן און זיי האָבן אויך געגעסן פון דעם האָניק. און ער האָט זיי ניט דערציילט, אַז פון דעם גוף פון לייב האָט ער אַרויסגעשאַרט דעם האָניק.

און שמשונס פאָטער איז אַראָפּ צו דער פרוי. און שמשון האָט דאָרטן געמאַכט אַ חתונה־מאָלצייט, ווייל אַזוי פלעגט מען זיך פירן: דער חתן האָט געמאַכט דעם חתונה־מאָלצייט. און ווען מען האָט דער־זען שמשונען, האָבן זיי געבראַכט דרייסיק יונגעלייט און זיי זיינען געווען מיט אים.

און שמשון האָט געזאָגט צו זיי:

„איך וועל אייך פרעגן אַ רעטעניש. אויב איר וועט טרעפן די רעטעניש אין די זיבן טעג פון מאָלצייט, וועל איך אייך געבן

דרייסיק ליינענע אונטערקליידער און דרייסיק יום־טובדיקע קליידער. אויב אָבער איר וועט ניט טרעפן די רעטעניש, דאַרפט איר מיר געבן דרייסיק ליינענע אונטערקליידער און דרייסיק יום־טובדיקע קליידער."

האָבן זיי געזאָגט:

„פרעג דיין רעטעניש און לאָמיר הערן."

האָט ער צו זיי געזאָגט:

„פון אַן עסער איז אַרויס עסן, פון שטאַרק איז אַרויס זיס."

האָבן זיי דריי טעג געטראַכט און זיי האָבן ניט געקאָנט טרעפן די רעטעניש.

און עס איז געווען אויפן פערטן טאָג האָבן זיי געזאָגט צו שמשונס ווייב:

„רייד איבער דיין מאַן, ער זאָל דיר אויסזאָגן די רעטעניש, אַניט וועלן מיר פאַרברענען דיך און דיין פאָטערס הויז אין פייער. האָסטו אונדז פאַרבעטן כּדי אונדז צו פאַראָרעמען?"

האָט שמשונס ווייב געוויינט פאַר אים און געזאָגט:

„האָסט מיך פיינט, האָסט מיך ניט ליב! דו האָסט אַ רעטעניש געפרעגט די זין פון מיין פאָלק און מיר האָסטו ניט אויסגעזאָגט."

האָט ער צו איר געזאָגט:

„מיין פאָטער און מיין מוטער האָב איך ניט אויסגעזאָגט, און דיר זאָל איך עס אויסזאָגן?"

האָט זי געוויינט פאַר אים די איבעריקע זיבן טעג פון מאָלצייט. און עס איז געווען אויפן זיבעטן טאָג האָט ער איר אויס־

געזאָגט, ווייל זי האָט אים דערעסן. און זי האָט אויסגעזאָגט די רעטעניש צו די פּלִשׁתּים.

און די דרייסיק יונגעלייט האָבן צו אים געזאָגט אויפן זיבעטן טאָג, איידער די זון איז אונטערגעגאַנגען:

„וואָס איז זיסער פון האָניק?

און וואָס איז שטאַרקער פון אַ לייב?"

האָט ער צו זיי געזאָגט:

„וואָלט איר ניט געאַקערט מיט מיין קאַלב, וואָלט איר ניט געטראָפן מיין רעטעניש."

און דער גייסט פון גאָט האָט אויף אים גערוט און ער האָט אַראָפּגענידערט קיין אַשקלון, און ער האָט דערשלאָגן דרייסיק מאַן און ער האָט אָפּגעגעבן זייערע קליידער צו די, וואָס האָבן געטראָפן די רעטעניש. און ער איז געוואָרן זייער אין כּעס אויף זיין ווייב און ער איז אַוועק צוריק צו זיין פאָטערס הויז.

און שמשונס ווייב איז געוואָרן די ווייב פון איינעם פון די יונגעלייט וואָס האָבן זיך געחברט מיט אים.

## שמשון נעמט נקמה פון די פּלִשׁתּים

און עס איז געווען אין אַ צייט אַרום, אין די טעג ווען מען שניידט ווייץ, איז שמשון אַוועק באַזוכן זיין ווייב. ער האָט גענומען מיט זיך אַ ציגן־בעקל און האָט געזאָגט צו איר פאָטער:

„לאָז מיך אַריינגיין צו מיין ווייב אין שטוב."

האָט איר פאָטער אים ניט געלאָזט אַרייַנגייַן צו איר און ער האָט געזאָגט צו אים:

„מיינען האָב איך געמיינט אַז דו האָסט זי פיינט געקראָגן, האָב איך זי אַוועקגעגעבן צו דיין חבֵר. איז איר יינגערע שוועסטער ניט שענער פון איר? נעם זי אָנשטאָט יענער."

האָט שמשון געזאָגט: „דאָס מאָל וועל איך זיכער זיין ריין פון זינד קעגן די פּלשתּים, ווען איך וועל זיי אָנטאָן בייז."

און שמשון איז געגאַנגען און האָט געכאַפּט דריי הונדערט פוקסן און ער האָט גענומען פאַקלען, און ער האָט צוגעבונדן איין עק צום אַנדערן עק און ער האָט אַריינגעשטעקט אַ פאַקל צווישן די צוויי עקן. און ער האָט אָנגעצונדן די פאַקלען און אַוועקגעלאָזט די פוקסן אין די שטייענדיקע תּבואות פון די פּלשתּים. און ער האָט פאַרברענט די סטויגן אָפּגעשניטענע תּבואה, די שטייענדיקע תּבואה, די ווייַנגערטנער און די אייל־בערט־גערטנער.

האָבן די פּלשתּים געזאָגט:

„ווער האָט עס געטאָן?"

האָט מען געזאָגט:

„שמשון, דער איידעם פון דעם תּמנָהער, ווייל ער האָט גענומען שמשונס ווייב און זי אַוועקגעגעבן צו זיין חבֵר."

זיינען די פּלשתּים אַרויף און פאַרברענט זי און איר פאָטער אין פייער.

האָט שמשון געזאָגט:

„אויב איר טוט אַזוי, שווער איך, אַז איך מוז זיך נוקם זיין אין אייך. און נאָך דעם וועל איך אייך אָפּלאָזן."

און ער האָט מיט איין גרויסן קלאַפּ זיי צעשלאָגן רוק און

לענד. און ער האָט אַראָפּגענידערט און זיך באַזעצט אין דעם שפּאַלט פון פעלדז עֵיטָם.

און די פּלִשְתּים זיינען אַרויף און האָבן געלאַגערט אין יְהוּדָה. זיי האָבן זיך צעשפּרייט אין לֶחִי. האָבן די מענער פון יְהוּדָה געזאָגט:

„פאַר וואָס זייט איר אַרויס קעגן אונדז?"

האָבן זיי געזאָגט:

„מיר זיינען געקומען איר זאָלט בינדן שִמשוֹנען און אים איבערגעבן אין אונדזער האַנט. מיר וועלן טאָן צו אים אַזוי ווי ער האָט געטאָן צו אונדז."

האָבן אַראָפּגענידערט דריי טויזנט מאַן פון יְהוּדָה צו דעם שפּאַלט פון פעלדז עֵיטָם, און זיי האָבן געזאָגט צו שִמשוֹנען:

„ווייסטו דען ניט אַז די פּלִשְתּים געוועלטיקן איבער אונדז? היינט וואָס האָסטו אונדז אָפּגעטאָן?"

האָט ער צו זיי געזאָגט:

„ווי זיי האָבן געטאָן צו מיר אַזוי האָב איך געטאָן צו זיי."

האָבן זיי צו אים געזאָגט:

„מיר זיינען געקומען דיך בינדן און דיך איבערגעבן אין דער האַנט פון די פּלִשְתּים."

האָט שִמשוֹן געזאָגט צו זיי:

„שווערט מיר, אַז איר וועט מיך ניט טייטן."

האָבן זיי צו אים געזאָגט:

„ניין, בלויז בינדן וועלן מיר דיך בינדן און איבערגעבן אין זייער האַנט. טייטן וועלן מיר דיך ניט טייטן."

און זײ האָבן אים געבונדן מיט צװײ נײַע שטריק און האָבן אים אַרױפֿגעבראַכט פֿון דעם שפּאַלט פֿון דעם פֿעלדז. און װען מען האָט אים געבראַכט קײן לֶחִי האָבן די פּלִשתּים גע־שאַלט אים אַנטקעגן. און דער גײַסט פֿון גאָט איז אָנגעקומען אױף אים, און די שטריק אױף זײַנע אָרעמס זײַנען געװאָרן װי פֿלאַקס װאָס איז אָנגעצונדן געװאָרן פֿון פֿײַער, און די בינד־שטריק זײַנען צעקראָכן געװאָרן אױף זײַנע הענט. און ער האָט געפֿונען אַ פֿרישע קינבאַק פֿון אַן אײזל. און ער האָט אױסגע־שטרעקט זײַן האַנט און זי אָנגענומען און דערהַרגעט מיט איר טױזנט מאַן. און ער האָט געזאָגט:

„מיט דער קינבאַק פֿון אַן אײזל —
קופּעס אױף קופּעס!
מיט דער קינבאַק פֿון אַן אײזל
האָב איך דערשלאָגן טױזנט מאַן.“

ער האָט געענדיקט רײדן און ער האָט אַװעקגעװאָרפֿן די קינבאַק. און ער איז געװאָרן זײער דאָרשטיק און ער האָט גע־רופֿן צו גאָט און האָט געזאָגט:

„דו האָסט געבראַכט אַזאַ גרױסן נִצָחוֹן דורך דײַן קנעכט, און איצט זאָל איך אױסגײן פֿון דאָרשט און אַרײַנפֿאַלן אין דער האַנט פֿון די פּלִשתּים?“

האָט גאָט געשפּאָלטן די בעקן־פֿלאַך װאָס איז אין לֶחִי, און עס איז אַרױס װאַסער, און ער האָט געטרונקען, זיך דערפֿרישט און אָפּגעלעבט.

און ער האָט געמִשפּט יִשׂרָאֵל צװאַנציק יאָר.

## שִׁמשוֹן טראָגט אַוועק די טויערן פון עַזָה

און שִׁמשוֹן איז געגאַנגען קיין עַזָה און ער האָט דאָרט געזען אַ פרוי, אַן אַכסַניָה־האַלטערן און ער איז צו איר געקומען.
האָט מען אָנגעזאָגט די איינוואוינערס פון עַזָה אַזוי צו זאָגן: שִׁמשוֹן איז געקומען אַהער!
האָבן זיי אים אַרומגעזוכט און ניט געפונען. האָבן זיי געלויערט אויף אים אַ גאַנצע נאַכט אין טויער פון שטאָט. זיי זיינען געווען שטיל אַ גאַנצע נאַכט און זיי האָבן געזאָגט:
„מיר וועלן וואַרטן ביז עס וועט ליכטיק ווערן, און אַז ער וועט צוקומען צום טויער וועלן מיר אים דערהַרגענען.‟
און שִׁמשוֹן איז געשלאָפן ביז האַלבער נאַכט, און אין מיטן נאַכט איז ער אויפגעשטאַנען און האָט אָנגענומען די טירן פון שטאָט־טויער און ביידע ביישטידלעך און האָט זיי אַרויסגעריסן אינאיינעם מיטן ריגל און האָט זיי אַרויפגעלייגט אויף זיינע אַקסלען, און האָט זיי אַרויפגעטראָגן אויפן שפּיץ באַרג וואָס איז אַנטקעגן חֶברוֹן.

## שִׁמשוֹן און דלִילָה

און עס איז געווען נאָכדעם האָט שִׁמשוֹן ליב געקראָגן אַ פרוי, וואָס איר נאָמען איז געווען דלִילָה.
זיינען צו איר געקומען די פירשטן פון די פּלִשתּים און האָבן געזאָגט צו איר:
„רייד אים איבער און געפין אויס אין וואָס ליגט זיין גרויסער כּוֹח און מיט וואָס קאָנען מיר אים בייקומען, כּדֵי מיר

זאָלן אים קאָנען בינדן צו פֿייניקן אים. און דערפֿאַר וועט דיר איטלעכער פֿון אונדז געבן טויזנט מיט הונדערט זילבערשטיק."

האָט דלִילָה געזאָגט צו שִמשוֹנען:

„איך בעט דיך, זאָג מיר אין וואָס ליגט דיין כּוֹחַ, און מיט וואָס קען מען דיך בינדן, כּדֵי דו זאָלסט ווערן הילפֿלאָז."

האָט שִמשוֹן געזאָגט:

„ווען מען בינדט מיך מיט זיבן פֿרישע, נאַסע שטריק, וואָס זיינען נאָך ניט טרוקן געוואָרן, וועל איך ווערן שוואַך און איך וועל זיין ווי אַ געוויינטלעכער מענטש."

האָבן די פֿירשטן פֿון די פּלִשתּים איר אַרויפֿגעבראַכט זיבן פֿרישע, נאַסע שטריק וואָס זיינען נאָך ניט טרוקן געוואָרן, און זי האָט אים געבונדן מיט זיי. און לויערערס זיינען געזעסן ביי איר אין הויז. האָט זי אַ זאָג געטאָן:

„פּלִשתּים באַפֿאַלן דיך, שִמשוֹן!"

האָט ער צעריסן די שטריק ווי עס צערייסט זיך אַ פֿאָדעם, געמאַכט פֿון אָפּפֿאַל פֿון פֿלאַקס, ווען עס דערשמעקט פֿייער.

האָט דלִילָה געזאָגט צו שִמשוֹנען:

„זע, דו האָסט אָפּגעלאַכט פֿון מיר, און דו האָסט מיר גע־זאָגט ליגן. איך בעט דיך, זאָג איצט – מיט וואָס קאָנסטו געבונדן ווערן?"

האָט ער צו איר געזאָגט:

„אויב בינדן זאָל מען מיך בינדן מיט נייע שטריק, וואָס מיט זיי איז ניט געטאָן געוואָרן קיין אַרבעט, וועל איך ווערן שוואַך, און איך וועל ווערן ווי אַ געוויינטלעכער מענטש."

האָט דלִילָה גענומען נייע שטריק און האָט אים געבונדן

מיט זיי. און די לויערערס זיינען געזעסן ביי איר אין הויז. און זי האָט אַ זאָג געטאָן צו אים:

„פּלִשתּים באַפאַלן דיך, שמשון!"

האָט ער זיי צעריסן פון זיינע אָרעמס, ווי מען צעררייסט אַ פאָדעם.

און דלִילָה האָט געזאָגט צו שמשונען:

„ביז אַהער האָסטו אָפּגעלאַכט פון מיר און האָסט מיר גע־זאָגט ליגנס. זאָג מיר, מיט וואָס קאָנסטו געבונדן־ווערן?"

האָט ער געזאָגט צו איר:

„אַז דו וועסט איינוועבן די זיבן צעפּ פון מיין קאָפּ אין גע־וועב און באַפעסטיקן זיי מיטן פלעקל."

האָט זי איינגעוועבט די זיבן צעפּ אין געוועב און באַפעס־טיקט זיי מיטן פלעקל און אַ זאָג געטאָן צו אים:

„פּלִשתּים באַפאַלן דיך, שמשון!"

האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון זיין שלאָף און האָט אַרויס־געריסן דאָס וועב־פלעקל און דאָס געוועב.

האָט דלִילָה געזאָגט צו שמשונען:

„ווי קאָנסטו זאָגן: ,איך האָב דיך ליב', אַז דיין האַרץ איז ניט מיט מיר! שוין דריי מאָל האָסטו אָפּגעלאַכט פון מיר און מיר ניט געזאָגט אין וואָס ליגט דיין גרויסער כּוֹחַ."

און עס איז געווען, ווען זי האָט אים דערעסן מיט אירע רייד אַלע טאָג, און זי איז צוגעשטאַנען צו אים ביז ער האָט זיך געוואונטשן דעם טויט, האָט ער איר דערציילט אַלץ, וואָס עס איז ביי אים געווען אויפן האַרצן, האָט ער צו איר געזאָגט:

„קיין שער איז ניט אַרויפגעקומען אויף מיין קאָפּ זינט דעם

טאָג פון מיין געבוירן, ווייל איך בין אַ נָזיר צו גאָט. ווען איך זאָל אָפּגעשאָרן ווערן, וועט זיך אָפּטאָן פון מיר מיין כּוח. איך וועל ווערן שוואַך און וועל זיין ווי אַלע מענטשן."

האָט דלִילָה דערזען אַז ער האָט איר דערציילט דעם גאַנצן אֶמֶת, האָט זי געשיקט און גערופן די פירשטן פון די פּלִשתּים און זי האָט געזאָגט צו זיי:

„קומט גלייך אַריבער, ווייל ער האָט מיר דערציילט אַלץ, וואָס ביי אים איז אין האַרצן."

זיינען אַרויפגעקומען די פירשטן פון די פּלִשתּים און גע־בראַכט מיט זיך דאָס געלט. און זי האָט אים איינגעשלעפערט אויף אירע קני, און זי האָט גערופן אַ מאַן און ער האָט אָפּגע־שאָרן שִמשוֹנס זיבן צעפּ פון זיין קאָפּ. און זיין כּוח האָט זיך אָפּגעטאָן פון אים.

האָט זי אַ זאָג געטאָן:

„פּלִשתּים באַפאַלן דיך, שִמשוֹן!"

און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און האָט געזאָגט:

„איך וועל אַרויסגיין ווי אַלע מאָל, און איך וועל זיך פונאַנ־דערטרייסלען."

און ער האָט ניט געוואוסט, אַז גאָט האָט זיך אָפּגעטאָן פון אים.

און די פּלִשתּים האָבן אים גענומען און האָבן אים אויסגע־שטאָכן די אויגן. און זיי האָבן אים אַראָפּגעבראַכט אין געפענ־קעניש קיין עַזָה, און אים געשמידט מיט קופּערנע קייטן. און ער האָט געדרייט מילשטיינער.

און די האָר פון זיין קאָפּ האָבן ווידער אָנגעהויבן אָפּ־וואַקסן, נאָכדעם ווי זיי זיינען אָפּגעשאָרן געוואָרן.

## תָּמוֹת נַפְשִׁי עִם פְּלִשְׁתִּים – לאָמיך שטאַרבן מיט די פּלִשְׁתִּים!

און די פירשטן פון די פּלִשְׁתִּים האָבן זיך איינגעזאַמלט צו ברענגען קָרבָּנוֹת צו זייער גאָט דָגוֹן און צו פרייען זיך, ווייל זיי האָבן געזאָגט:

„אונדזער גאָט האָט איבערגעגעבן אין אונדזער האַנט אונ־דזער שׂוֹנֵא שִׁמְשׁוֹן."

און ווען דאָס פאָלק האָט אים דערזען, האָבן זיי געלויבט זייער גאָט, ווייל זיי האָבן געזאָגט:

„אונדזער גאָט האָט איבערגעגעבן אין אונדזער האַנט אונ־דזער פיינד, דעם פאַרוויסטער פון אונדזער לאַנד און דעם וואָס האָט פאַרמערט אונדזערע דערהַרגעטע."

און עס איז געווען, ווען זיי זיינען געוואָרן זייער פרייליך, האָבן זיי געזאָגט:

„ברענגט שִׁמְשׁוֹנען און זאָל ער אונדז לוסטיק מאַכן."

האָט מען געבראַכט שִׁמְשׁוֹנען פון געפענקעניש און ער האָט זיי לוסטיק געמאַכט. נאָכדעם האָט מען אים אַוועקגעשטעלט צווישן די זיילן.

האָט שִׁמְשׁוֹן געזאָגט צום יינגל וואָס האָט אים געפירט ביי דער האַנט:

„לאָז מיך אָנטאַפּן די זיילן, וואָס דאָס הויז האַלט זיך אויף זיי, און איך וועל זיך אָנשפאַרן אויף זיי."

און דאָס הויז איז געווען פֿול מיט מענער און פֿרויען, און דאָרטן זיינען געווען אַלע פֿירשטן פֿון די פּלִשׁתּים. און אויפֿן דאַך זיינען געווען אַרום דריי טויזנט מענער און פֿרויען וואָס האָבן צוגעקוקט ווי שִׁמשוֹן מאַכט זיי לוסטיק.

האָט שִׁמשוֹן געבעטן צו גאָט און געזאָגט:

„גאָט, דו האַר, דערמאָן זיך אין מיר, איך בעט דיך, און שטאַרק מיך, איך בעט דיך, נאָר דאָס מאָל, גאָט! און לאָמיך זיך נוֹקֵם זיין נאָר איין מאָל אין די פּלִשׁתּים פֿאַר מיינע ביידע אויגן!"

און שִׁמשוֹן האָט אַרומגענומען די ביידע מיטלסטע זיילן, וואָס דאָס הויז האָט זיך געהאַלטן אויף זיי, איינעם מיט זיין רעכטער האַנט און דעם אַנדערן מיט זיין לינקער האַנט און האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף זיי. און ער האָט געזאָגט:

„תָּמוֹת נַפְשִׁי עִם פְּלִשְׁתִּים!" – לאָמיך שטאַרבן אינאיינעם מיט די פּלִשׁתּים!

און ער האָט זיך אַ בייג געטאָן מיט כּוֹחַ, און דאָס גאַנצע הויז איז איינגעפֿאַלן אויף די פֿירשטן, און אויפֿן גאַנצן פֿאָלק, וואָס זיינען דאָרטן געווען. און די טויטע וואָס ער האָט געטייט מיט זיין שטאַרבן זיינען געווען מער ווי די, וואָס ער האָט געטייט ביי זיין לעבן.

און זיינע ברידער און זיין גאַנצע מִשפָּחה פֿון זיין פֿאָטער האָבן אַראָפּגענידערט און אים גענומען און אים אַרויפֿגעבראַכט און אים מקַבֵּר געווען אין דעם קֶבֶר פֿון זיין פֿאָטער מָנוֹחַ.

און שִׁמשוֹן האָט געמִשפָּט יִשׂרָאֵל צוואַנציק יאָר.

## דער פאַרברעכן פון גִבעָה

אין יענער צייט איז קיין מֶלֶך ניט געווען אין יִשׂרָאֵל און יעדער איינער האָט געטאָן וואָס עס איז אים געפעלן.

און עס איז געווען אין יענער צייט האָט אַ מאַן פון שֵׁבֶט לֵוִי געוואוינט אין עק פון באַרגלאַנד פון אֶפרַיִם, און ער האָט גענומען אַ קעפּסווייב פון בֵּית־לֶחֶם־יְהוּדָה. און זיין קעפּסווייב האָט אים פאַרלאָזן און איז אַוועקגעגאַנגען פון אים צו איר פאָטערס הויז קיין בֵּית־לֶחֶם־יְהוּדָה. און זי איז דאָרטן פאַר־בליבן פיר חֳדָשִׁים. און איר מאַן איז אַוועק נאָך איר, זי איבער־ריידן זי זאָל זיך אומקערן אַהיים. און מיט זיך האָט ער מיט־גענומען אַ יונג און אַ פּאָר אייזלען.

און ער איז געקומען אַהין און זי האָט אים אַריינגעבראַכט אין איר פאָטערס הויז. און ווי איר פאָטער האָט אים דערזען, האָט ער זיך זייער דערפרייט מיט אים.

און זיין שווער, דער פאָטער פון דער יונגער פרוי, האָט אים פאַרהאַלטן, און ער איז מיט אים געזעסן דריי טעג. ער האָט געגעסן און געטרונקען און האָט דאָרטן גענעכטיקט. און עס איז געווען אויפן פערטן טאָג, האָבן זיי זיך געפעדערט און ער איז אויפגעשטאַנען צו גיין. האָט דער שווער געזאָגט צום איידעם:

„כאַפּ איבער דאָס האַרץ מיט אַ שטיקל ברויט און דערנאָך וועסטו גיין."

האָבן זיי זיך געזעצט און האָבן ביידע אינאיינעם געגעסן

און געטרונקען. האָט דער פאָטער פון דער יונגער פרוי געזאָגט צום מאַן:

„זיי אַזוי גוט, איך בעט דיך, און נעכטיק שוין איבער."

און דער מאַן איז אויפגעשטאַנען צו גיין, אָבער זיין שווער איז צוגעשטאַנען צו אים און ער איז געבליבן נעכטיקן. און ער האָט זיך געפעדערט אויפן פינפטן טאָג צו גיין. אָבער דער פאָטער פון דער יונגער פרוי האָט געזאָגט:

„עס עפעס אָפּ און בלייב דאָ ביז שפּעטער אין טאָג."

און זיי האָבן ביידע געגעסן.

און דער מאַן איז אויפגעשטאַנען צו גיין, ער און זיין קעפּס־ווייב און זיין יונג. האָט צו אים געזאָגט זיין שווער, דער טאַטע פון דער יונגער פרוי:

„זע, דער טאָג פאַרגייט, עס ווערט שוין באַלד אָוונט. נעכ־טיק איבער, איך בעט דיך. מאָרגן וועט איר זיך פעדערן אויף אייער וועג און גיין אַהיים."

אָבער דער מאַן האָט ניט געוואָלט נעכטיקן, און ער איז אויפגעשטאַנען און איז אַוועק מיט זיין קעפּסווייב, מיט דעם יונג און מיט די פּאָר געזאָטלטע אייזלען. און ער איז אָנגעקומען ביז אַקעגן דער שטאָט יְבוּס, וואָס מען רופט איצט יְרוּשָׁלַיִם. און דער טאָג איז שוין געווען פאַרגאַנגען, האָט דער יונג געזאָגט צו זיין האַר:

„קום, איך בעט דיך, לאָמיר זיך פאַרקערן אין דער דאָ־זיקער שטאָט פון דעם יְבוּסי און נעכטיקן אין איר."

האָט געזאָגט זיין האַר:

„מיר וועלן ניט נעכטיקן אין אַ שטאָט פון פרעמדע, וואָס זיינען ניט פון די בני־ישׂראל. לאָמיר צוגיין ביז גבעה.״

און די זון איז אונטערגעגאַנגען ווען זיי זיינען אָנגעקומען קיין גבעה, אַ שטאָט פון בנימין. און ער איז אַריינגעגאַנגען אין שטאָט און זיך געזעצט אין מאַרק פון שטאָט. אָבער קיין מענטש האָט זיי ניט אַריינגענומען אין הויז צו נעכטיקן. און אַן אַלטער מאַן איז אָנגעקומען פון זיין אַרבעט אין פעלד. און דער מאַן איז געווען פון באַרגלאַנד אפרים און ער האָט זיך באַזעצט אין גבעה. אָבער אַלע אַנדערע איינוואוינערס פון שטאָט זיינען געווען פון שבט בנימין.

און ווי דער אַלטער מאַן האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן און האָט דערזען דעם מאַן, דעם דורכגייער, זיצן אין מאַרק פון שטאָט, האָט ער צו אים געזאָגט:

„וואוהין גייסטו? און פון וואַנען קומסטו?״

האָט דער מאַן צו אים געזאָגט:

„מיר קומען פון בית־לחם־יהודה און מיר גייען צום עק באַרגלאַנד פון אפרים. איך בין געקומען קיין גבעה און קיין מענטש נעמט מיך ניט אַריין אין הויז צו נעכטיקן. און איך האָב אי שטרוי, אי פוטער פאַר אונדזערע אייזלען, ברויט און ווין פאַר מיר און פאַר דיין דינסט און פאַר דעם יונג, וואָס איז מיט דיין קנעכט. עס פעלט מיר ניט קיין זאַך.״

האָט דער אַלטער מאַן געזאָגט:

„פרידן צו דיר! אַלע באַדערפענישן וועל איך באַזאָרגן, אָבער נעכטיק ניט אויפן מאַרק.״

און ער האָט אים אַריינגעבראַכט אין הויז און האָט פאַר־

מישט פוטער פאַר די אייזלען. און זיי האָבן געוואַשן די פיס און געגעסן און געטרונקען.

און ווי זיי האָבן זיך געלאָזן וואוילגיין מיטן נאַכט־מאָלצייט, האָבן פאַרדאָרבענע יונגען פון שטאָט אַרומגערינגלט דאָס הויז, געקלאַפּט אין טיר און געזאָגט צום אַלטן מאַן, דעם בעל־הבית פון הויז:

„וואַרף אַרויס דעם מאַן, וואָס איז געקומען אין דיין הויז. מיר וועלן שוין וויסן וואָס צו טאָן מיט אים!"

איז דער מאַן, דער בעל־הבית, אַרויסגעגאַנגען צו זיי און האָט געזאָגט צו זיי:

„ניין, ברידער, טוט אים ניט קיין שלעכטס, איך בעט אייך, נאָכדעם ווי ער איז געקומען צו מיר אין הויז!"

אָבער די מענטשן האָבן ניט געוואָלט זיך צוהערן צו אים. האָבן זיי אָנגענומען זיין קעפּסווייב און זי אַרויסגעבראַכט אין דרויסן, און האָבן זי געמאַטערט ביז באַגינען.

און ווי עס איז ליכטיק געוואָרן איז די פרוי צוגעקומען צום הויז און איז אַנידערגעפאַלן ביים שוועל אַ טויטע. און ווען דער מאַן איז אויפגעשטאַנען אין דער פרי און האָט געעפנט די טירן פון דער הויז — ערשט זיין קעפּסווייב ליגט אַנידערגעפאַלן אין איינגאַנג פון הויז מיט אירע הענט אויפן שוועל.

האָט ער זי אַרויפגעלייגט אויפן אייזל און ער איז אַוועק צו זיך אַהיים.

און ווען ער איז געקומען צו זיך אין הויז האָט ער געלאזט וויסן אַלע צוועלף שבטים פון ישׂראֵל. און עס איז געווען, ווען איטלעכער האָט עס געהערט, האָט ער געזאָגט:

„אַזוינס איז נאָך ניט געשען און ניט געזען געוואָרן פֿון דעם טאָג, וואָס די בני־ישׂראל זיינען אַרויס פֿון מִצרַיִם ביז היינטיקן טאָג!"

## ישׂראל באַשטראָפט דעם שבט בנימין

און עס האָבן זיך איינגעזאַמלט קיין מִצפָּה אַלע בני־ישׂראל, די גאַנצע עֵדה ווי איין מאַן, פֿון דָן ביז בְּאֵר שֶׁבַע און זיי האבן געזאָגט צום מאַן, דעם לֵוִי:

„דערצייל, ווי אַזוי איז געשען די דאָזיקע שענדלעכע זאַך."

האָט זיך אָנגערופֿן דער מאַן, דער לֵוִי, דער מאַן פֿון דער דערמאָרדעטער פֿרוי, און האָט געזאָגט:

„קיין גִבעָה, וואָס געהער צו בִּנְיָמִין, בין איך און מיין קעפּס־ווייב געקומען צו נעכטיקן. זיינען אויפֿגעשטאַנען די מענטשן פֿון גִבעָה און אַרומגערינגלט דאָס הויז. מיך האָבן זיי געוואָלט דערהַרגענען, און מיין קעפּסווייב האָבן זיי געפּייניקט ביז זי איז געשטאָרבן. אָט זייט איר דאָ אַלע קינדער פֿון ישׂראל, זאָגט און גיט אַן עֵצָה וואָס מיר זאָלן טאָן."

האָט זיך אויפֿגעהויבן דאָס גאַנצע פֿאָלק ווי איין מאַן און האָט געזאָגט:

„קיינער פֿון אונדז וועט ניט גיין צו זיך אַהיים, ביז מיר וועלן ניט אויפֿראַמען דאָס פֿאַרברעכן פֿון ישׂראל!"

און די שבטים פֿון ישׂראל האָבן געשיקט מענטשן צום שבט בִּנְיָמִין, אַזוי צו זאָגן:

„גיט אַרויס די מענטשן, די געמיינע יונגען פֿון גִבעָה, און מיר וועלן זיי טייטן און אויסראַמען דאָס בייז פֿון ישׂראל."

אָבער די קינדער פון בִּנְיָמִין האָבן ניט צוגעהערט זיך צו דעם קול פון יִשְׂרָאֵל און ניט געוואָלט אַרויסגעבן די נידער־טרעכטיקע יונגען פון גִבְעָה.

און די בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל זיינען אויפגעשטאַנען פרי און האָבן גע־לאַגערט אויף גִבְעָה. און די מענער פון יִשְׂרָאֵל האָבן געפירט מִלְחָמָה מיט די קינדער פון בִּנְיָמִין. און אין יענעם טאָג זיינען געפאַלן פון בִּנְיָמִין פינף און צוואַנציק טויזנט מאַן. נאָר זעקס הונדערט מאַן זיינען אַנטלאָפן צום מִדבָּר, צום פעלדז רימון. און זיי זיינען דאָרט געווען פיר חֳדָשִׁים.

## קיין שֵׁבֶט טאָר ניט פעלן אין יִשְׂרָאֵל

און די מענער פון יִשְׂרָאֵל האָבן געהאַט געשוואָרן אין מִצְפָּה אַזוי צו זאָגן:

„קיינער פון אונדז זאָל ניט געבן זיין טאָכטער פאַר אַ ווייב צו אַ זון פון שֵׁבֶט בִּנְיָמִין. און דאָס פאָלק איז געקומען קיין בֵּית־אֵל, און זיי זיינען דאָרטן געזעסן ביזן אָוונט פאַר גאָט. און זיי האָבן אויפגעהויבן זייער קול און שטאַרק געוויינט. און זיי האָבן געזאָגט:

„פאַרוואָס איז דאָס געשען, אַז עס זאָל פעלן איין שֵׁבֶט אין יִשְׂרָאֵל? וואָס זאָלן מיר טאָן צו קריגן ווייבער פאַר די געבלי־בענע פון שֵׁבֶט בִּנְיָמִין? מיר האָבן דאָך געשוואָרן ניט צו געבן אונדזערע טעכטער זיי פאַר ווייבער."

און די בְּנֵי־יִשְׂרָאֵל האָט זייער פאַרדראָסן און זיי האָבן געזאָגט:

„אָפּגעשניטן איז געוואָרן היינט איין שֵבֶט פון יִשׂרָאֵל.“

האָבן זיי געזאָגט:

„איז פאַראַן עמעצער פון די שבָטים פון יִשׂרָאֵל, וואָס איז ניט אַרויפגעגאַנגען מִלחָמה צו האַלטן מיט בִּנְיָמִין?“

ערשט מען האָט אויסגעפונען, אַז קיינער איז ניט געקומען פון יָבֵיש־גִלעָד.

האָט די עֵדָה געשיקט אַהין צוועלף טויזנט מאַן פון די העלדישע יונגען, און האָט זיי באַפוילן:

„ברענגט די יונגע פרויען וואָס האָבן ניט קיין מאַן צו אונדז אין לאַגער קיין שִׁילוֹ.“

האָבן זיי אַזוי געטאָן, און זיי האָבן געבראַכט אין לאַגער קיין שִׁילוֹ פיר הונדערט מיידלעך, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין מאַנען.

און די גאַנצע עֵדָה האָט געשיקט שלוחים צו די קינדער פון בִּנְיָמִין צום פעלדז רימוֹן און געמאַכט שָלוֹם מיט זיי. און זיי האָבן זיי געגעבן פאַר ווייבער די פיר הונדערט מיידלעך פון יָבֵיש־גִלעָד.

און די עלטסטע פון יִשׂרָאֵל האָבן געזאָגט:

„וואָס זאָלן מיר טאָן מיט ווייבער פאַר די איבעריקע צוויי הונדערט מאַן פון בִּנְיָמִין? מיר האָבן דאָך געשוואָרן: פאַרשאָלטן זאָל זיין דער, וואָס גיט זיין טאָכטער פאַר אַ ווייב צו אַ מאַן פון בִּנְיָמִין!“

אָבער עס איז אָנגעקומען דער יום־טוב צו גאָט, וואָס ווערט געפייערט פון יאָר צו יאָר אין שִׁילוֹ.

און די עלטסטע פון יִשׂרָאֵל האָבן געזאָגט צו די קינדער פון בִּנְיָמִין:

„אָט קומט אָן דער יום־טוב צו גאָט. גייט קיין שילוֹ און לויערט אין די וויינגערטנער. און עס וועט זיין, ווען די טעכטער פון שילוֹ וועלן אַרויסגיין טאַנצן די טענץ, זאָלט איר אַרויסגיין פון די וויינגערטנער און כאַפּן איטלעכער אַ ווייב פאַר זיך און אַוועקגיין אין לאַנד בִּנְיָמִין. און עס וועט זיין, אַז אויב זייער פאָ־טער אָדער ברידער וועלן קומען זיך קריגן מיט אונדז, וועלן מיר זאָגן צו זיי:

‚האָט רַחמָנות אויף זיי, ווייל ניט פאַר איטלעכן האָבן מיר געקראָגן אַ ווייב. איר זייט ריין פון אייער שבועה, ווייל איר האָט דאָך זיי ניט געגעבן קיין ווייבער.‘"

האָבן די קינדער פון בִּנְיָמִין אַזוי געטאָן. און זיי האָבן גע־נומען ווייבער פון די טענצערינס. און זיי האָבן זיך אומגעקערט צו זייער נַחלָה און האָבן אָפּגעבויט די שטעט.

און די קינדער פון יִשׂרָאֵל זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען איטלעכער צו זיין שֵבֶט, צו זיין מִשפָּחָה און צו זיין נַחלָה.

אין יענער צייט איז קיין מֶלֶך ניט געווען אין יִשׂרָאֵל. איט־לעכער האָט געטאָן וואָס אים געפעלט.

חֲזַק, חֲזַק וְנִתְחַזֵּק!

# שׁוֹפְטִים

לֹא תִהְיֶה תִּפְאַרְתְּךָ עַל הַדֶּרֶךְ אֲשֶׁר אַתָּה הוֹלֵךְ.

עוּרִי, עוּרִי, דְּבוֹרָה, עוּרִי, עוּרִי, דַּבְּרִי שִׁיר.

מִן שָׁמַיִם נִלְחָמוּ;
הַכּוֹכָבִים מִמְּסִלּוֹתָם
נִלְחֲמוּ עִם סִיסְרָא.

תְּבֹרַךְ מִנָּשִׁים יָעֵל,
מִנָּשִׁים בָּאֹהֶל תְּבֹרָךְ.

מַיִם שָׁאַל,
חָלָב נָתָנָה.

כֵּן יֹאבְדוּ כָּל אוֹיְבֶיךָ יְהוָֹה
וְאֹהֲבָיו כְּצֵאת הַשֶּׁמֶשׁ בִּגְבֻרָתוֹ.

לֵךְ בְּכֹחֲךָ זֶה וְהוֹשַׁעְתָּ אֶת יִשְׂרָאֵל.

הִנֵּה אַלְפִּי הַדַּל בִּמְנַשֶּׁה
וְאָנֹכִי הַצָּעִיר בְּבֵית אָבִי.

קוּמוּ, כִּי נָתַן יְהוָֹה בְּיֶדְכֶם אֶת מַחֲנֵה מִדְיָן.

מִמֶּנִּי תִּרְאוּ וְכֵן תַּעֲשׂוּ.

הֲכַף זֶבַח וְצַלְמֻנָּע עַתָּה בְּיָדֶךָ?

לֹא אֶמְשֹׁל אֲנִי בָּכֶם וְלֹא יִמְשֹׁל בְּנִי בָּכֶם,
יְהוָה יִמְשֹׁל בָּכֶם.

כִּי עַצְמְכֶם וּבְשַׂרְכֶם אָנִי.

הָלוֹךְ הָלְכוּ הָעֵצִים לִמְשֹׁחַ עֲלֵיהֶם מֶלֶךְ, וַיֹּאמְרוּ לַזַּיִת: מָלְכָה עָלֵינוּ. וַיֹּאמֶר לָהֶם הַזַּיִת: הֶחֳדַלְתִּי אֶת דִּשְׁנִי אֲשֶׁר־בִּי יְכַבְּדוּ אֱלֹהִים וַאֲנָשִׁים וְהָלַכְתִּי לָנוּעַ עַל הָעֵצִים? וַיֹּאמְרוּ הָעֵצִים לַתְּאֵנָה: לְכִי־אַתְּ מָלְכִי עָלֵינוּ. וַתֹּאמֶר לָהֶם הַתְּאֵנָה: הֶחֳדַלְתִּי אֶת מָתְקִי וְאֶת תְּנוּבָתִי הַטּוֹבָה וְהָלַכְתִּי לָנוּעַ עַל הָעֵצִים? וַיֹּאמְרוּ הָעֵצִים לַגָּפֶן: לְכִי־אַתְּ מָלְכִי עָלֵינוּ. וַתֹּאמֶר לָהֶם הַגֶּפֶן: הֶחֳדַלְתִּי אֶת תִּירוֹשִׁי הַמְשַׂמֵּחַ אֱלֹהִים וַאֲנָשִׁים וְהָלַכְתִּי לָנוּעַ עַל הָעֵצִים? וַיֹּאמְרוּ כָל הָעֵצִים אֶל הָאָטָד: לֵךְ אַתָּה מְלָךְ עָלֵינוּ. וַיֹּאמֶר הָאָטָד אֶל הָעֵצִים: אִם בֶּאֱמֶת אַתֶּם מֹשְׁחִים אֹתִי לְמֶלֶךְ עֲלֵיכֶם בֹּאוּ חֲסוּ בְצִלִּי. וְאִם אַיִן, תֵּצֵא אֵשׁ מִן הָאָטָד וְתֹאכַל אֶת אַרְזֵי הַלְּבָנוֹן.

אֶת צֵל הֶהָרִים אַתָּה רֹאֶה כָּאֲנָשִׁים.

מַה לִּי וָלָךְ כִּי־בָאתָ אֵלַי לְהִלָּחֵם בְּאַרְצִי.

וָאָשִׂימָה נַפְשִׁי בְכַפִּי.

וַיֹּאמְרוּ לוֹ: אֱמָר נָא שִׁבֹּלֶת. וַיֹּאמֶר סִבֹּלֶת.

מַה יִהְיֶה מִשְׁפַּט הַנַּעַר וּמַעֲשֵׂהוּ?

לָמָּה זֶה תִּשְׁאַל לִשְׁמִי וְהוּא פֶלְאִי.

כִּי תֹאֲנָה הוּא מְבַקֵּשׁ מִפְּלִשְׁתִּים

וַיְשַׁסְּעֵהוּ כְּשַׁסַּע הַגְּדִי.
שִׁבְעַת יְמֵי הַמִּשְׁתֶּה.
אָחוּדָה נָא לָכֶם חִידָה.

מֵהָאֹכֵל יָצָא מַאֲכָל, וּמֵעַז יָצָא מָתוֹק.

מַה מָּתוֹק מִדְּבַשׁ וּמֶה עַז מֵאֲרִי?

לוּלֵא חֲרַשְׁתֶּם בְּעֶגְלָתִי, לֹא מְצָאתֶם חִידָתִי.

וַיַּךְ אוֹתָם שׁוֹק עַל יָרֵךְ.

בִּלְחִי הַחֲמוֹר הִכֵּיתִי אֶלֶף אִישׁ.

בַּמֶּה כֹּחֲךָ גָדוֹל?

פְּלִשְׁתִּים עָלֶיךָ, שִׁמְשׁוֹן!

וַיְנַתְּקֵם מֵעַל זְרֹעֹתָיו כַּחוּט.

וַתִּקְצַר נַפְשׁוֹ לָמוּת.

וְחַזְּקֵנִי נָא אַךְ הַפַּעַם הַזֶּה.
תָּמֹת נַפְשִׁי עִם פְּלִשְׁתִּים.

לֹא נִהְיְתָה וְלֹא נִרְאֲתָה כָּזֹאת
לְמִיּוֹם עֲלוֹת בְּנֵי יִשְׂרָאֵל מֵאֶרֶץ מִצְרַיִם עַד הַיּוֹם הַזֶּה.

וַיֵּאָסֵף כָּל אִישׁ יִשְׂרָאֵל אֶל הָעִיר כְּאִישׁ אֶחָד חֲבֵרִים.

וּנְבַעֲרָה רָעָה מִיִּשְׂרָאֵל.

בַּיָּמִים הָהֵם אֵין מֶלֶךְ בְּיִשְׂרָאֵל,
אִישׁ הַיָּשָׁר בְּעֵינָיו יַעֲשֶׂה.

# וועגן ספר שופטים

די געשעענישן וואָס ווערן איבערגעגעבן אין ספר שופטים קומען פאָר באַלד נאָך כיבוש הארץ, פון נאָך יהושועס טויט ביז דעם געבוירן־ווערן פון שמואל הנביא. דער גאַנצער ספר שופטים איז פול מיט יוגנטלעכער גבורה און פרישקייט. צייטנווייז פירט זיך אויף דאָס יונגע פאָלק אַזוי גרויזאַם ווי אַלע אַנדערע פעלקער. אָבער אַפילו אין זיין יוגנטלעכן אימפעט זיינען שוין דאָ בולטע סימנים, אַז דער יונגער ישראל, ווען ער וועט אויסוואַקסן, וועט ער ווערן ישראל סבא און זיין דאָס ליכט פון דער וועלט.

די אמתע אמתן אין ספר שופטים (ווי אין גאַנץ תנ״ך) זיינען ניט די נאַקעטע היסטאָרישע פאַקטן, וואָס די היסטאָריקער גראָבן אויס פון אונטער די פאַרשיידענע ווערסיעס. אין דעם תנ״ך דאַרף דער לערער אָפּטיילן פאָר דער יוגנט די טעקסטן, וואָס קאָנען דינען ווי אַ מוסטער פאָר אונדזער לעבן. ער דאַרף אַרויסברענגען די היינטיקייט פון תנ״ך. דער לימוד תנ״ך דאַרף זיין אַן אינסטרומענט פון דערציאונג. דערפאַר דאַרף דער לערער ניט זוכן אויפצודעקן די „אמתע היסטאָרישע אמתן״, און אַרויסברענגען די בלויזע „געשיכטע־פאַקטן״. אין פאָלקשול דאַרף מען לערנען תנ״ך ווי דאָס פאָלק האָט אים אויסגעטייטשט במשך פון טויזנטער יאָרן.

ישראל האָט ניט איינגענומען קיין פרעמד לאַנד, נאָר דאָס לאַנד וואָס גאָט האָט אים צוגעזאָגט נאָך מיט הונדערטער יאָרן צוריק. דער גאָט פון זיינע אבות איז דער הערשער איבער דער גאַנצער וועלט און איז דער גאָט פון גערעכטיקייט. דערפאַר ווי יונג דאָס פאָלק איז געווען און ווי שטאַרק און מוטיק עס איז געווען אויפן שלאַכטפעלד, איז עס ניט געוואָרן קיין קריגעריש פאָלק, וואָס האָט געוואָלט בויען אַן אימפּעריע צוליב גרויס ווערן. נאָכן זיג האָט עס געוואָלט לעבן רואיק, אָבער עס האָט געמוזט אָנפירן מלחמות פון פאַרטיידיקונג. חוץ דער מלחמה פון שבט דן קעגן דער שטאָט ליש, וואָס מיר לאָזן אויס, זיינען אַלע מלחמות אין ספר שופטים פאַרטיידיקונג־מלחמות.

די פירערשאַפט פון ישראל ליגט ניט אין די הענט פון אַ קאַסטע, אָדער משפחה וואָס די ממשלה גייט איבער בירושה פון טאַטן צום זון. פירערס שטייען אויף נאָר דורך גאָטס גנאָד. גאָט אַליין קלייבט אויס די שופטים; ער קלייבט זיי אויס ניט צוליב זייער יחוס אָדער רייכקייט. עס זיינען געווען שופטים פון אָרעמע משפּחות. גדעון זאָגט דאָך: מיין משפחה איז די אָרעמסטע אין מנשה. יפתח איז דער זון פון אַ קעפּס־ווייב, ס׳איז אַפילו דאָ אַ פרוי אַ שופט.

ס'איז אויך קלאָר אַז דער שופט הערשט בלויז, ווייל „דער גייסט פון גאָט האָט גערוט אויף אים". ביי אַלע שופטים איז דאָ אָט דער שפּרוך. און דער גייסט פון גאָט האָט גערוט אויף אים בלויז, כדי אַרויסצוזעמען ישראל פון אַ צרה, אָבער ניט צו הערשן איבער פעלקער.

און ניט נאָר זיינען אַלע מלחמות געווען פאַרטיידיקונג־מלחמות, נאָר די ליידן זיינען געקומען אויף ישראל, ווייל ער האָט פאַרלייקנט זיין גאָט און אויפגעהערט דינען צו אים. מיט אַנדערע ווערטער — ווייל ער האָט אויפגעהערט צו לעבן אַן ערלעך לעבן.

אין ספר שופטים (ווי אין גאַנץ תנ"ך) זיינען ניטאָ קיין צופעליקע, קאַפּריזנע רשעות. אַלעמאָל ווערט מאָראַליש דערקלערט פאַרוואָס דער מענטש איז געקומען צו אַ מיאוסן סוף. אָט זיינען עטלעכעביישפּילן:

אין שירת דבורה ווערט געמאָלט די שרעק און ליידן פון סיסראס מוטער. די מאַמע שטייט און קוקט אַרויס דורכן פענצטער און וואַרט אויפן זון, וואָס האָט זיך פאַרזאַמט מיט זיינע רייטוועגן. דער לייענער קריגט רחמנות אויף דער אומגליקלעכער מוטער, מחמת ער ווייסט דאָך, אַז סיסרא איז שוין טויט... און ער איז געשטאָרבן מיט אַ מיאוסן טויט. אָבער באַלד באַרעכטיקט די שירה דער מוטערס ליידן. זי איז ניט בעסער פון זון, ווייל מיט וואָס טרייסט זי זיך? ער האָט זיך פאַרזאַמט צוליב דעם רויב, וואָס ער האָט אָנגערויבט אין דער ניט־גערעכטער מלחמה. און מיר באַרעכטיקן דבורהס אויסרוף: „אַזוי זאָלן פאַרלאָרן גיין אַלע פיינד פון גאָט!".

אבימלך שטאַרבט מיט אַ מיאוסן טויט. אָבער דער טויט איז אויף אים געקומען ניט ווייל ער האָט פאַרלאָרן די מלחמה, אָדער ווייל צופעליק האָט אַ פרוי אים געטראָפן אין קאָפּ מיט אַ מילשטיין. ער איז געטויט געוואָרן און די שטאָט שכם איז אָפּגעווישט געוואָרן, ווייל זיי האָבן געטויט גדעונס זיבעציק זין און אבימלך האָט געוואָלט ווערן קעניג קעגן גאָטס ווילן.

אַפילו שמשון גיט שטענדיק אַ באַרעכטיקונג פאַר זיינע יחידישע אָנפאַלן אויף די פלישתים. ער באַפאַלט ניט די פלישתים סיידן זיי באַעוולהן אים אָדער ווילן אים טייטן.

יעדער עפּיזאָד פון דער גדעון־געשיכטע איז פול מיט גייסטיקער גבורה. ס'איז ניטאָ ביי גדעונען קיין זכר פון שטאָלץ און חוצפּה פון מלחמה־העלד. זייער קלאָר ווערט אַרויסגעבראַכט די גרויסע קראַפט און איבערמענטשלעכע גבורה פון די גערעכטע. ניט אומזיסט איז דער אויסדרוק „גדעונים" געבליבן אין דער וועלט ווי אַן אויסדרוק פון קאַמף קעגן אומגערעכטיקייט. די מעשה פון גדעון איז אַ פאָרלויפערין פון דעם השמונאים־זיג, וואָס ווערט געזאָגט אויף אים אין על הניסים:

„און דו האָסט איבערגעגעבן די שטאַרקע אין דער האַנט פון די שוואַכע און די וואָס זיינען פול אין צאָל, — אין דער האַנט פון די וואָס זיינען ווייניק".

די יפתח־געשיכטע איז דראַמאַטיש דערציילט, זייער קורץ און פול מיט שפּאַנונג. דער לערער קאָן אויסטייטשן יעדן עפּיזאָד און אינצידענט. אַ פאַרשעמטער און פאַרשטויסענער, ווערט יפתח ניט צעלאָזן און ניט פאַרדאַרבן. נייך, ער קלייבט צונויף אַרום זיך אַלע בידערגעשלאָגענע און פאַרשטויסענע און ווערט זייער פירער. און וואו? אין לאַנד טוב. איז געווען אַ לאַנד, וואָס האָט זיך גערופן טוב — גוט־לאַנד? אָדער האָט עס יפתח אַזוי אַ נאָמען געגעבן ווייל ער האָט געוואָלט שאַפן אַ גערעכטע און גוטע וועלט? היינט יפתחס רייד צו עמון: „און איך האָב ניט געזינדיקט קעגן דיר, און דו באַגייסט אַן עוולה קעגן מיר, וואָס דו ביסט אַרויס מלחמה צו האַלטן קעגן מיר. זאָל גאָט, וואָס משפט היינט, משפטן צווישן די בני ישראל און די בני עמון". דאָס זיינען רייד פון אַ מענטשן, וואָס זעט ניט קיין באַרעכטיקונג אין מלחמות; וואָס ווייסט, אַז מלחמה איז באַרעכטיקט בלויז, ווען מען דאַרף זיך פאַרטיידיקן קעגן אומרעכט.

אָבער דער דראַמאַטישסטער עפּיזאָד איז די געשעעניש מיט דער טאָכטער. זי הערט אויס איר גזר און נעמט עס אויף מיט רואיקער גבורה. און ווען דער פאָטער האָט דערזען דער טאָכטערס מוט האָט ער דורכגעפירט זיין נדר. דער לערער דאַרף באַטאָנען, אַז יפתח האָט ניט מקריב געווען זיין טאָכטער צו גאָט. דער אמתער היסטאָרישער אמת איז ניט, ווי עס ווערט אָנגעדייט אין די פסוקים, נאָר ווי עס ווערט אויסגעטייטשט פון יידישע מפרשים — זי איז געבליבן ניט קיין חתונה־געהאַטע. דאָס האָבן יידן אָנגענומען במשך צוויי טויזנט יאָר און דאָס איז דער אמת. דער מסדר פון שופטים רעדט גאָר ניט אַרויס אַזוי קלאָר, אַז יפתח האָט זי מקריב געווען. און מען מעג טייטשן די צוויי פסוקים אָט אַזוי:

„און זי האָט זיך אומגעקערט צו איר טאַטן. און ער האָט אויסגעפירט זיין נדר — און זי האָט ניט חתונה געהאַט. און ס'איז געוואָרן אַ מנהג אין ישראל: יאָר־איין יאָר־אויס פלעגן קומען די טעכטער פון ישראל צו טרייסטן די טאָכטער פון יפתח דעם גלעדי פיר טעג אין יאָר".

און די שמשון־מעשות דאַרפן ווערן אין מויל פון לערער, לעקציעס פון גרויסע מאָראַלישע ווערטן. דער לערער דאַרף אונטערשטרייכן:

שמשונס דרך־ארץ פאַר טאַטע־מאַמע, ווי ער זוכט זייער צושטימונג צום שידוך מיט דער פרוי פון תמנה; דאָס שטרענגע אָפּהיטן זיין נזירות: ווען ער גייט קיין תמנה גייט ער ניט דורך די וויינגערטנער; זיין שטענדיק זוכן אַ מאָראַלישע באַרעכטיקונג פאַר די אָנפאַלן אויף די פלישתים; זיין

באַציאונג צום אייגענעם פאָלק; ווען די מענטשן פון שבט יהודה קומען אים בינדן, פרעגט ער זיי, צי זיי ווילן אים ניט טייטן; קעגן אייגענעם פאָלק וועט ער ניט נוצן זיין געטלעכע גבורה; ועל כולם זיין טויט — דער פּאַטעטישער אויסרוף: תמות נפשי עם פלישתים!

אָבער מיר דוכט זיך, אַז די קרוין פון אַלע מעשות אין שופטים זיינען די קאַפּיטלעך פון דער פּילגש בגבעה. איך מיין ניט נאָר די עסטעטישע פאָרמע, ניט נאָר דער אופן דערציילן. די מעשה איז אַ וואַריאַנט פון מעשה סדום, וואָס ווערט דערציילט אין ספר בראשית. נאָר די מעשה פון פּילגש בגבעה ברענגט אַרויס קלאָרער און בולטער די מאָראַלישע קאָנצעפּציעס און עטישע באַגריפן פון יונגן ישראל. אין גבעה האָט פּאַסירט, אַז אַפילו אַ פרעמדער האָט ניט געקאָנט זיין קיין צדיק און אַריינגעמען אַ פרעמדן צו זיך איבער־נעכטיקן. אַזאַ שטאָט טאָר ניט זיין ביי יידן. ווען די בני בנימין האָבן זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן די שולדיקע, קלייבן זיך צונויף אַלע שבטים אָפּ־צומעקן די שאַנד און אויסראָטן דאָס בייז. ס'איז מערקווירדיק, אַז אין גאַנץ שופטים אין אַלע מלחמות זיינען די יידן ניט פאַראייניקט. אין דער גרעסטער מלחמה מיט די כנענים דערמאָנט ניט דבורה די שבטים יהודה און שמעון, ראובן, גד און אשר ווערן פון איר געטאַדלט, וואָס זיי זיינען ניט געקומען. בלויז זעקס שבטים האָבן זיך פאַראייניקט קעגן דעם נאַציאָנאַלן שונא. אָבער אין דער מלחמה קעגן בנימין, אַ מלחמה קעגן אומרעכט און זינד, קומען אַלע שבטים ווי איין מאַן".

דאָס איז דער אינעווייניקסטער אמת פון יידישער געשיכטע, דער אמת וואָס איז טיפער פון צופעליקע פאַקטן. דער דערציילער האָט זיך גאָר ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אַ יידישער שבט וועט ניט קומען אויף אַזאַ מלחמה מצוה.

ווען מען לאָזט אויס דאָ און דאָרט אַ וואָרט אין דער מעשה פון פּילגש בגבעה און מען הויבט אַריבער די דעטאַלן פון די שלאַכטן, איז די מעשה פון פּילגש בגבעה די קולמינאַציע, דאָס געזאַנג און די קרוין פון ספר שופטים. „קיין מלך איז אין יענע צייטן ניט געווען אין ישראל, און יעדער איינער האָט געטאָן וואָס אים איז געפעלן". אָבער דאָך איז געווען אין די שבטים אַן איינגעוואָרצלט געפיל פון גערעכטיקייט, וואָס האָט ניט דער־לאָזן, אַז ישראל זאָל זיך צעפאַלן אויף באַרבאַרישע שבטים. דאָס שטרעבן נאָך עטישער גאַנצקייט האָט פאַראייניקט די אַלע שבטים און דערנאָך פון זיי געמאַכט ישראל סבא, וואָס האָט אַוועקגעלייגט זיין שטעמפּל אויף דער גאַנצער וועלט.